# ישעיה

איבערזעצט פון

**יהואש**

---

ארויסגעגעבן פון
פערלאַג „יהואש“
ניו יאָרק

# פאָרוואָרט.

---

די איבערזעצונג פון דער ביבעל, וועלכע מיר הויבען אָן מיט ישעיה, ווערט געמאכט צו ערפילען א לאנג־געפיהלטע באדירפע־ניס. די ביבעל, וועלכע איז דער טהייערסטער אוצר וואָס דאָס אידישע פאָלק פארמאָגט, איז פאר פיעל פון אונזערע ברידער און שוועסטער, פאר די יעניגע וואָס פארשטעהען ניט העברעאיש גענוג צו לעזען דעם תנ"ך אין אָריגינאַל און זיינען צו פאָרטגע־שריטען זיך צו באנוגענען מיט די אַלט־מאָדישע אידיש־טייטשע איבערזעצונגען — געווען ביז איצט א פארזיגעלט בוך.

די איצטיגע איבערזעצונג איז געמאכט געוואָרען לויט די נייעסטע אויסטייטשונגען און אזוי קלאָר און איינפאך, ווי גע־וויסענהאפטע טרייהייט צו דעם טעקסט האָט עס ערלויבט.

צוליעב דער דאָזיגער גענויאיגקייט אין דער איבערגעבונג פון דעם טעקסט קען די איבערזעצונג אויסער איהר אויבענדער־מאָנטען צוועק, אויך באנוצט ווערען אלס א הילף־בוך אין דעם שטודיום פון דעם העברעאישען אָריגינאַל.

ווען עס איז געפונען געוואָרען פאר נויטהיג, אום ארויס־צובריינגען דעם זינן פון דעם אָריגינאַל, צו צולעגען א וואָרט, איז עס געטהאָן געוואָרען אין האלבע־לבנות (פארענטהעזען). אזעלכע צוגעלעגטע ווערטער, אויב זיי בילדען א נויטהווענדיגען טהייל פון דעם אידישען טעקסט, קומען אין גרויסע בוכשטאבען

(דיזעלבע ווי דער טעקסט), אויב אָבער זיי שטעהען בלויז אלס א'ן ערקלערונג, דאַן זיינען זיי געדרוקט אין קלענערע בוכשטאַבען.

וואָס איז נוגע דאָס בוך ישעיה: איז עס אָנגענומען געוואָרען, לויט דער פערגלייכונג פון סטיל און אויסדרוק, אז עס טהיילט זיך אין צוויי פערשיעדענע טהיילען. דער ערשטער טהייל, וועלכער ענדיגט זיך מיט קאַפּיטעל לט., איז געשאַפען געוואָרען אין די לעצטע יאָהרען פון דעם ערשטען אידישען טעמפּעל, ווען דאָס אידישע פאָלק איז נאָך געזעסען אויף זיין לאַנד — איידער עס איז פאַרטריבען געוואָרען קיין בבל. דער צווייטער טהייל, פון קאַפּיטעל מ' ביז ס"ו, איז געשריבען געוואָרען נאָך דעם ווי דאָס אידישע פאָלק האָט שוין פאַרלאָרען זיין לאַנד און זיין אונאבהענגיגקייט, און דער נאַציאָנאַלער גייסט האָט זיך אויפגעהאַלטען מיט האָפענונגען און ערוואַרטונגען אויף א'ן ערלייזונג.

דער איבערזעצער.



# פערצייכנים

פון די אייגעננעמען וועלכע קומען פאָר אין ישעיהו מיט זייערע ריכטיגע נקודות (וואָקאַלען).

---

**א**

אַבְרָהָם

אֶגְלַיִם

אֱדוֹם

אַדְרַמֶּלֶךְ

אוּרִיָּה

אָחָז

אֶלְיָקִים

אֶלְעָלֵה

אָמוֹץ

אָסָף

אֵסַר־חַדֹּן

אֶפְרַיִם

אֲרִיאֵל

אֲרָם

אַרְנוֹן

אַרְפַּד

אֲרָרָט

אַשְׁדּוֹד

אַשּׁוּר

**ב**

בְּאֵר־אֵלִים

בָּבֶל

בֵּל

בַּלְאֲדָן

בָּצְרָה

בָּשָׁן

ג

גֵּבִים

גֶּבַע

גִּבְעוֹן

גִּבְעַת־שָׁאוּל

גַּד

גּוֹזָן

גַּלִּים

ד

דְּדָנִים

דָּוִד

דּוּמָה

דִּיבוֹן

דִּימוֹן

דַּמֶּשֶׂק

ה

הֵנַע

ז

זְבֻלוּן

זְכַרְיָהוּ

ח

חִזְקִיָּהוּ

חִלְקִיָּהוּ

חֲמָת

חָנֵס

חֶפְצִי־בָהּ

חָרָן

חֹרֹנַיִם

חֶשְׁבּוֹן

ט

טָבְאַל

י

יְבֶרֶכְיָהוּ

יְהוּדָה

יַהַץ

יוֹאָח

יָוָן

יוֹתָם

יְחִזְקִיָּהוּ

יַעְזֵר

יַעֲקֹב
יַרְדֵּן
יְרוּשָׁלַיִם
יִשַׁי
יְשַׁעְיָהוּ
יִשְׂרָאֵל

כ

כּוֹרֶשׁ
כּוּשׁ
כַּלְנוֹ
כְּנַעַן
כַּרְכְּמִישׁ
כַּרְמֶל
כַּשְׂדִּים
כִּתִּים

ל

לִבְנָה
לְבָנוֹן
לוּד
לוּחִית
לַיְשָׁה
לָכִישׁ

מ

מִגְרוֹן
מָדַי
מִדְיָן
מַדְמֵנָה
מַהֵר שָׁלָל חָשׁ בַּז
מוֹאָב
מִזְרָח
מֵידְבָא
מִכְמָשׂ
מְנִי
מְנַשֶּׁה
מִצְרַיִם (עגיפּטען, עגיפּטער)
מְראֹדַךְ
מֹשֶׁה

נ

נֹב
נְבוֹ

נְבָיוֹת
נֹחַ
נִינְוֵה
נִמְרִים
נִסְרֹךְ
נֹף
נַפְתָּלִי

## ס

סְבָא
סְדֹם
סַנְחֵרִיב
סְפַרְוַיִם
סַרְגוֹן

## ע

עֵדֶן
עַוָּה
עֻזִּיָּהוּ
עֵילָם
עֵיפָה
עַיָּת
עַמּוֹן
עִמָּנוּ־אֵל
עֲמֹרָה
עֲנָתוֹת
עֲרֹעֵר

## פ

פּוּל
פְּלֶשֶׁת
פְּלִשְׁתִּים
פֶּקַח
פַּרְעֹה
פְּרָצִים
פַּתְרוֹס

## צ

צוּר־עוֹרֵב
צִידוֹן
צִיּוֹן
צֹעַן
צֹעַר

צֹר

## ק

קֵדָר

קִיר

קִיר־חֶרֶשׂ

קִיר־חֲרֶשֶׂת

## ר

רַבְשָׁקֵה

רָמָה

רְמַלְיָהוּ

רְפָאִים

רְצִין

רֶצֶף

## ש

שְׁאָר־יָשׁוּב

שְׁבָא

שִׂבְמָה

שֶׁבְנָא

שִׁחֹר

שִׁלֹחַ

שֹׁמְרוֹן

שִׁנְעָר

שֵׂעִיר

שַׂרְאֶצֶר

שָׂרָה

שָׁרוֹן

## ת

תּוּבַל

תֵּימָא

תְּלַשָּׂר

תִּרְהָקָה

תַּרְשִׁישׁ

תַּרְתָּן



# ישעיה

## קאפיטעל א.

1 די זעהונג פון ישעיהו, דעם זוהן פון אמוץ, וועלכע ער
האָט געזעהן איבער יהודה און ירושלים, אין די טעג
פון עזיהו, יותם, אחז און יחזקיהו, די קיניגען פון
יהודה.
2 הערט, איהר הימלען און לעג צו דאָס אויער, דו ערד,
דען גאָט האָט גערעדט: קינדער האָב איך אויפגע־
צויגען און ערהויבען און זיי האָבען געפעלשט אָן
מיר.
3 דער אָקס ווייס זיין אייגענטהימער, און דער אייזעל —
די קאָרעטע פון זיין האר; ישראל אָבער ווייס
ניט, מיין פאָלק קוקט זיך ניט ארום.
4 אָ, זינדיגע נאציאָן, פאָלק מיט פערברעכען בעלאסטעט,
זאָמען פון שלעכטס־טהוער, פערדאָרבענע קינדער;
פערלאָזען האָבען זיי גאָט, געלעסטערט האָבען זיי
דעם הייליגען פון ישראל, אָבגערוקט אהינטער
האָבען זיי זיך.
5 וואָס מעהר איהר ווערט געשלאָגען, אלץ מעהר ווידער־
שפעניגקייט בעגעהט איהר. יעדער קאָפּ איז קראנק,
יעדעס הארץ איז צואוועהטאָגט.

6 פון דעם פוס־זויל ביז׳ן קאָפּ איז ביי איהם קיין גאַנץ
גליעד ניט פאַראַנען; (בלויז) אַ וואונד און אַ בייל
און אַן אייטעריג געשוויר; ניט אויסגעפּרעסט
זיינען זיי געוואָרען, ניט אַרומגעבונדען און ניט ווייכ־
געמאַכט מיט אייל.
7 אייער לאַנד איז וויסט; אייערע שטעדט זיינען אין
פייער פערברענט, אייער ערד — פאַר אייך (אין די
אויגען) — פרעמדע פערצעהרען זי, און וויסט איז זי
ווי אַן איבערקעהרעניס פון פיינד.
8 און ציון איז איבערגעבליבען ווי אַביידעל אין אַ ווייג־
גארטען, ווי אַ געצעלט אין אַ פעלד פון אוגערקעס;
ווי אַ באַלעגערטע שטאדט.
9 ווען דער האַר פון אַרמייען וואָלט אונז ניט א רעשט
איבערגעלאָזען, וואָלטען מיר שיער ווי סדום געווען,
גלייך צו עמורה וואָלטען מיר געוואָרען.
10 הערט דאָס וואָרט פון גאָט, איהר גרויסע לייט פון
סדום; פאַרנעם די לעהרע פון אונזער האַר, פאָלק
פון עמורה.
11 צו וואָס מיר אייערע פיעל אָפּפער? — זאָגט גאָט —
איך בין זאַט מיט די בראַנדאָפּפער פון באַראַנעס;
דאָס פעטס פון אבגעפיטערטע רינדער, און דאָס
בלוט פון שטירען און שעפּסען און בעק וויל איך ניט.
12 ווען איהר קומט זיך ווייזען פאַר מיין געזיכט, ווער
בעט עס פון אייך איהר זאָלט מיינע הויפען טראַמפּ־
לען?

13 ברענגט ניט אייערע ליגען־געשאַנקען; אייער ווייהרויך
איז אַן עקעל פאַר מיר. ווען ס'איז אַ מאָנאַט־פעסט
אָדער אַ שבת, ווען עס איז אַ צונויפרופונג פון דער
געמיינדע — קען איך דאָס אונרעכט און די פער־
זאַמלונג ניט ליידען.
14 אייערע מאָנאַט־פעסטען און אייערע פייערטעג האַסט
מיין זעעלע, זיי זיינען מיר צו לאַסט געוואָרען, איך
בין מיד זיי צו פערטראָגען.
15 און ווען איהר שפּרייט אויס אייערע הענד, פערבאָרג
איך מיינע אויגען פון אייך, און וויפיעל איהר זאָלט
ניט בעטען הער איך זיך ניט איין; אייערע הענד
זיינען מיט בלוט געפילט.
16 וואַשט זיך אָב, רייניגט זיך, טהוט אָב אייערע בייזע
טהאַטען פון מיינע אויגען, הערט אויף שלעכטס צו
טהון.
17 לערנט זיך גוטס טהון, זוכט גערעכטיגקייט, אונטער־
שטיצט דעם אונטערדריקטען, גיט זיין רעכט דעם
יתום, נעהמט זיך אָן די קריוודע פון דער אלמנה.
18 קומט לאָמיר זיך דורכרעדען, זאָגט גאָט: ווען אייערע
זינד וועלען ווי שאַרלאַך זיין, זאָלען זיי ווי שנעע
ווייס ווערען; ווען זיי וועלען רויט ווי פּורפּור זיין
זאָלען זיי ווי וואָלל ווערען.
19 ווען איהר וועט איינוויליגען און זיך צוהערען זאָלט
איהר דאָס גוטס פונ'ם לאַנד געניסען.

20 אבער ווען איהר וועט זיך ווייגערען און ווידערשפּעני־
גען, זאָלט איהר דורך דעם שווערד פערצעהרט
ווערען, דען דאס מויל פון גאָט האָט גערעדט.
21 ווי איז די געטרייע שטאָדט אַן אויסגעלאַסענע געוואָ־
רען! זי וועלכע איז פול מיט גערעכטיגקייט געוועזען!
אין איהר פלעגט עהרליכקייט רוהען און איצט —
מערדערם (בלויז).
22 דיין זילבער איז ספּיאַלטער געוואָרען, דיין טראַנק
איז מיט וואַסער געמישט.
23 דיינע פירסטען זיינען ווידערשפּעניגערס, קאַמעראַדען
פון גנבים, איטליכער האָט ליעב געשאַנקען און
יאָגט זיך נאָך בעצאָהלונג. דעם יתום גיבען זיי ניט
זיין רעכט און די קלאַגע פון דער אלמנה קומט צו
זיי ניט אָן.
24 דאַרום זאָגט דער האַר, דער גאָט פון די אַרמייען,
דער מעכטיגער פון ישראל: אָ איך וועל זיך שטילען
אָן מיינע געגנער, און איך וועל ראַכע נעהמען אָן
מיינע פיינד.
25 און איך וועל אומקעהרען מיין האַנד קעגען דיך און
וועל דיין ספּיאַלטער אַזוי ווי מיט לויג אַראָב־
לייטערען און וועל אָבשאַפען דיינע בליי.
26 און איך וועל אומקעהרען דיינע ריכטער ווי אַמאָל,
און דיינע ראַטהגעבער ווי אין אָנהויב. נאָכדעם
וועט מען דיך רופען די שטאָדט פון גערעכטיגקייט,
די געטרייע שטאָדט.

27 ציון זאָל דורך רעכט אויסגעלייזט ווערען, און איהרע געפאַנגענע דורך גערעכטיגקייט.
28 און אַ בראָך וועט קומען אויף די פערברעכער און זינדיגע צוזאַמען, און די וועלכע פערלאָזען גאָט וועלען אונטערגעהן.
29 דען שעמען וועלען זיי זיך מיט די טערפּענטין־בוימער וועלכע אייך האָט זיך געלוסט, און רויט ווערען וועט איהר צוליעב די גערטנער וועלכע איהר האָט אויס־ערוועהלט.
30 דען איהר וועט זיין ווי דער טערפּענטין־בוים וואָס זיינע בלעטער ווערען פערוועלקט, און ווי אַ גאָרטען וואָס האָט קיין וואַסער ניט.
31 און דער מעכטיגער וועט זיין ווי אָבפאַל פון פלאַקס און זיין אַרבייט — ווי אַ פונק, און זיי וועלען ביידע ברענען צוזאַמען און עס וועט קיין לעשער ניט זיין.

קאַפּיטעל ב.

1 דאָס וואָרט וואָס עס האָט געזעהן ישעיהו דער זוהן פון אמוץ איבער יהודה און ירושלים:
2 און עס וועט געשעהן אין דעם ענד פון די טעג, אַז פעסט אויפגעשטעלט וועט זיין דער באַרג פון גאָט'ס הויז, אויף דעם שפּיץ פון די בערג, אויפגעהויבען איבער אַלע הויכע ערטער וועט ער זיין. און עס וועלען שטראָמען צו איהם אַלע נאַציאָנען.

3 און פיעל פעלקער וועלען געהן און וועלען זאָגען:
קומט, לאָזען מיר אַרויפשטייגען צו דעם באַרג פון
דעם אייביגען, צו דעם הויז פון יעקב׳ס גאָט, און
ער וועט אונז לערנען פון זיינע וועגען, און מיר
וועלען אין זיינע שטעגען געהן, דען פון ציון קומט
ארויס די לעהרע און גאָט׳ס וואָרט — פון ירושלים.
4 און ער וועט אורטהיילען צווישען די נאַציאָנען און
רעדען וועט ער צו די פעלקער, און זיי וועלען איבער־
שמידען זייערע שווערדען אויף אַקער־אַייזענס און
זייערע שפּיזען אויף גארטען־מעסערס. אַ פאָלק
קעגען אַ פאָלק וועט מעהר קיין שווערד ניט אויפ־
הויבען און זיי וועלען מעהר ניט לערנען קיין קריעג.
5 הויז פון יעקב, קומט לאָזען מיר געהן אין דעם ליכט
פון גאָט.
6 דען דו האָסט פערלאָזען דיין פאָלק, דאס הויז פון
יעקב, ווייל זיי זיינען פול מיט דעם געצענדיענסט
פון מאָרגענלאַנד, און צויבערער זיינען זיי ווי די
פלשתים און מיט זאַכען (וואס שטאַמען) פון
פרעמדע בעשעפטיגען זיי זיך.
7 און פול געוואָרען איז זיין לאַנד מיט זילבער און גאָלד,
און צו זיינע שאַצען איז קיין ענד ניט געווען; און
פול געוואָרען איז זיין לאַנד מיט פערד און צו זיינע
רייטוועגען איז קיין ענד ניט געווען.
8 און פול געוואָרען איז (אויך) זיין לאַנד מיט געצענ־
בילדער. און זיי בוקען זיך צו דעם ווערק פון

זייערע הענד, צו דעם וואָס זייערע פינגער האָבען
געשאַפען.
9 און איינגעבויגען איז דער מענש געוואָרען, און נידעריג
געזונקען איז דער מאַן ; און דו וועסט זיי ניט פער־
צייהען.
10 געה אין פעלז אַריין און בעהאַלט זיך אין שטויב
פאַר דעם שרעק פון גאָט און פאַר דער פראַכט פון
זיין גרויסקייט.
11 די אויגען פון דעם מענשענס שטאָלץ וועלען דער־
נידערט ווערען, און איינבויגען וועט זיך די הויכקייט
פון מענער, און גאָט אַליין בלויז וועט זיין גרויס
אין דעם דאָזיגען טאָג.
12 דען עס איז דאָ אַ טאָג ביי דעם האַר פון די אַרמייען
פאר יעדען שטאָלצען און הויכען, פאַר יעדען
געהויבענעם און נידעריגען.
13 און פאַר די צעדערען פון לבנון, די הויכע און ער־
האַבענע, און פאַר אַלע דעמבע־ביימער פון בשן.
14 און פאַר אַלע הויכע בערג און פאַר אַלע אויפ־
געהויבענע בערגלעך.
15 און פאַר יעדען הויכען טורעם, און פאַר יעדע פער־
פעסטיגטע מויער.
16 און פאַר אַלע שיפען פון תרשיש און פאַר אַלע שעהנע
קונסטבילדער.
17 און איינבויגען וועט זיך דער שטאָלץ פון מענשען,
און די הויכקייט פון מענער וועט דערנידערט ווערען,

און גאָט אַליין וועט ערהאַבען זיין אין יענעם טאג.
18 און די געצען וועלען אינגאַנצען פערשוואונדען
ווערען.
19 און זיי וועלען אריינגעהן אין די הייהלען פון די
פעלזען, און אין די גריבער פון דער ערד, פאַר דעם
שרעק פון גאָט, און פאַר דער פראַכט פון זיין גרויס־
קייט, ווען ער וועט זיך אויפשטעלען צו דערשרעקען
די ערד.
20 אין דעם דאָזיגען טאָג, וועט דער מענש זיינע געצען
פון זילבער און זיינע געצען פון גאָלד, וועלכע ער
האָט זיך געמאַכט אום זיך צו בוקען (צו זיי), אַוועק־
וואַרפען פאַר די קראָטען און פאַר די פלעדערמייז.
21 האַלט זיך צוריק פון דעם מענשען וואָס דער לעבענס־
אָטהעם איז אין זיין נאָז, דען וואָס פאַר אַ בעטרעף
האָט ער?

קאַפּיטעל ג.

1 דען דער האַר דער גאָט פון די אַרמייען נעהמט אַוועק
פון ירושלים און פון יהודה אָנשפּאַר און שטיצונג,
יעדע שטיצונג פון ברויט און יעדע שטיצונג פון
וואַסער.
2 דעם העלד און דעם קריעגסמאַן, דעם ריכטער און דעם
פּראָפעט און דעם צויבערער.
5 דעם קאָמאַנדיר איבער פופציג און דעם אנגעזעהענעם

מאַן און דעם ראַטהגעבער און דעם קינסטלער און
דעם רעדנער.
4 און אינגלעך וועל איך אַוועקזעצען אַלס זייערע
פירסטען און קינדער וועלען הערשען איבער זיי.
5 און דאָס פאָלק וועט זיך דריקען מאַן קעגען מאַן, איינער
קעגען אַנדערען. דאָס אינגעל וועט מיט שטאָלץ
אַרויסטרעטען קעגען דעם אַלטען מאַן, און דער
גרינגגעשעצטער אַקעגען דעם געאַכטעטען.
6 ווען אַ מאַן וועט אָנכאַפּען זיין ברודער פון זיין
פאטער'ס הויז: אַ מאַנטעל האָסטו, אונזער פירסט
זאָלסטו זיין און זאָל די שטרויכלונג זיין אונטער
דיין האַנד —
7 וועט ער שווערען אין דעם דאָזיגען טאָג אזוי צו זאָגען:
איך וועל קיין הערשער ניט זיין ווען אין מיין הויז
זאָל ניט זיין קיין ברויט און קיין קלייד; איהר
קענט מיך ניט מאַכען פאַר דעם פירסט פון פאָלק.
8 דען ירושלים איז געשטרויכעלט געוואָרען, און יהודה
איז געפאַלען, ווייל זייער שפּראַך און זייערע
טהאַטען זיינען קעגען גאָט, צו דערצאָרענען די
אויגען פון זיין גלאַנץ.
9 דער אויסדרוק פון זייער געזיכט זאָגט אויס אויף זיי,
און זייערע זינד, אזוי ווי סדום, דערצעהלען זיי
(אַליין) אָפען און פערלייקענען ניט. וועה צו זייער
זעעלע וואָס זיי האָבען זיך אַליין שלעכטס געטהאָן!
10 זאָגט צו דעם גערעכטען אַז (איהם) איז גוט, דען

די פרוכט פון זייערע טהאַטען וועלען זיי עסען.
11 וועה צו דעם פערברעכער, (איהם איז) שלעכט, דען
דער לויהן פון זיינע הענד וועט איהם געשעהן.
12 מיין פאָלק, זיינע אונטערדריקער זיינען קינדער און
ווייבער הערשען איבער איהם. מיין פאָלק! דיינע
וועגווייזער זיינען פערפיהרערס, די ריכטונג פון
דיינע שטעגען האָבען זיי פערפלאָנטערט.
13 גאָט האָט זיך צום קריעג אויפגעשטעלט, און ער
שטעהט אויף די פעלקער צו אורטהיילען.
14 גאָט געהט פאַר געריכט מיט די עלטסטע פון זיין
פאָלק און די פירסטען זיינע: איהר האָט דעם ווייג־
גאַרטען אָרומגעקליבען, דער רויב פון דעם אָרעמאַן
איז אין אייערע הייזער.
15 וואָס איז מיט אייך, וואָס איהר צודריקט מיין פאָלק,
און וואָס איהר צומאָלט דאָס געזיכט פון די אָרעמע?
— זאָגט דער האַר, דער גאָט פון די אַרמייען.
16 און גאָט האָט געזאָגט: ווייל די טעכטער פון ציון
גרויסען זיך און זיי געהען אויסגעשטרעקט די קעהל,
און ווינקענדיג מיט די אויגען; מיט שוועבענדיגען
גאַנג שפּאַציערען זיי, און קלינגען מיט זייערע פוס־
(צירונגען).
17 דאַרום וועט גאָט מיט קרעץ בעדעקען דעם קאָפּ פון
ציון'ס טעכטער, און דער אייביגער וועט זייער שאַנד
אויפדעקען.
18 אין דעם דאָזיגען טאָג וועט גאָט אָבשאַפען די צירונג

פון די פוסגלעקלעך, און די שטערען־טיכער און די
האלז־בענדער.
19 און די אויררינגען, און די אָרם־בענדער און די
שלייערען.
20 און די טורבאַנען און די פוס־קייטלעך און די שנורען
און די שמעק־פלעשלעך און די קמיעס.
21 און די רינגען און די נאָז־רינגען.
22 און די פעסט־קליידער און די מאַנטלען און די איבער־
טיכער און די בייטלען.
23 און די שפּיגלען און די העמדער און די קאָפּ־בענדער
און די שאַלען.
24 אנשטאט דופט וועט זיין אַ פויל־געריך, און אנשטאט
אַ גארטעל וועט זיין אַ וואונד און שטאט שטייפע
האָאר־לאָקען וועט זיין אַ פליך, און שטאט אַ פעסט־
מאַנטעל וועט זיין אַ שטריק־גאַרטעל, אַ בראַנד־
וואונד שטאט שעהנקייט.
25 דיינע מענער וועלען פאַלען דורכ'ן שווערד און דיין
שטאַרקייט אין — שלאַכט.
26 און עס וועלען קלאָגען און טרויערען איהרע טויערען
און וויסט וועט זי בלייבען (און) אויף דער ערד
וועט זי זיצען.

קאפיטעל ד.

1 און זיעבען פרויען וועלען אין דעם דאָזיגען טאָג אָנ־
נעהמען איין מאַן און זאָגען: אונזער אייגען ברויט

וועלען מיר עסען און אונזער אייגענע קליידונג
וועלען מיר טראָגען, בלויז דיין נאָמען זאָל אויף אונז
גערופען ווערען ; טהו אָב אונזער שאַנדע.

2 אין דעם דאָזיגען טאָג וועט די שפּראָצונג פון גאָט זיין
אַ שעהנקייט און אַן עהרע, און די פרוכט פון דער
ערד אַ שטאָלץ און אַ צירונג פאַר די געראַטעטע פון
ישראל.

3 און עס וועט געשעהן אַז דער וואָס וועט בלייבען אין
ציון און דער וואָס וועט איבערגעלאָזען ווערען אין
ירושלים, איהם וועט מען „הייליגער“ רופען — יעדען
וועלכער איז פערשריבען צום לעבען אין ירושלים.

4 ווען גאָט וועט האָבען אָבגעוואַשען דעם קויט פון
ציון׳ס טעכטער, און דאָס בלוט פון ירושלים וועט
ער האָבען אַרויסגעשווענקט פון איהר מיט דעם
גייסט פון גערעכטיגקייט און מיט דעם גייסט פון
פערניכטונג —

5 דאַן וועט גאָט בעשאַפען איבער דער גאַנצער בע־
וואוהנונג פון באַרג ציון, און איבער אַלע איהרע
פערזאַמלונג־פלעצער, אַ וואָלקען פון רויך ביי טאָג
און אַ גלאַנץ פון פלאַמענדען פייער ביי נאַכט ; דען
איבער דער גאַנצער פּראַכטיגקייט זאָל אַ צודעק זיין.

6 און אַ צעלט וועט עס זיין, פאַר אַ שאָטען ביי טאָג פון
היץ, און אַ בעשיצונג און פאַרבערגעניש פון פלייצונג
און פון רעגען.

## קאפּיטעל ה.

1 לאָמיך זינגען פאַר מיין פריינד דאָס ליעד פון מיין
פריינד וועגען זיין וויינגאָרטען: אַ וויינגאָרטען
האָט מיין פריינד געהאַט, אויף אַ פרוכטבאַרען
באַרג־שפּיץ.
2 און ער האָט איהם אַרומגעצאַמט, און ער האָט איהם
פון שטיינער אָבגערייניגט, און ער האָט איהם בע־
פלאַנצט מיט די בעסטע וויינשטאָקען און אַ טהורעם
האָט ער אין איהם געבויט און ער האָט אויך אַ
קעלטער אין איהם אויסגעהאַקט און געהאָפּט האָט
ער ער זאָל וויינטרויבען ברינגען און ער האָט ווילדע
טרויבען געבראַכט.
3 און אַצונד, איינוואָהנער פון ירושלים, און מענער פון
יהודה, אורטהיילט צווישען מיר און מיין וויינ־
גארטען.
4 וואָס נאָך (האָט מען געדאַרפט) טהון צו מיין וויינ־
גאָרטען, וואָס איך האָב אין איהם ניט געטהאָן?
וואָרום געהאָפּט האָב איך ער זאָל וויינטרויבען ברינ־
גען און ער האָט ווילדע טרויבען געבראַכט?
5 און אַצונד וועל איך אייך לאָזען וויסען וואָס איך טהו
מיט מיין וויינגאָרטען: אַוועקנעהמען וועל איך זיין
אַרומצאַהמונג און ער זאָל פערניכטעט ווערען, אַרונ־
טערברעכען וועל איך זיין פּאַרקאַן און ער זאָל
צוטראַמפּעלט ווערען.

6 און איך וועל איהם פערוואַנדלען אין אַ וויסטעניס;
ניט באַשניטען און ניט אַרומגעגראָבען זאָל ער
ווערען, און ער זאָל פערוואַקסען ווערען מיט דערנער
און ווילדע געוויקסען, און די וואָלקען וועל איך
פערוועהרען אויף איהם רעגען אַרונטערצוגיסען.
7 דען דער וויינגאָרטען פון דעם גאָט פון אַרמייען איז
דאָס הויז פון ישראל, און די מענער פון יהודה —
זיין ליעבלינג־פלאַנצונג, און געהאָפט האָט ער אויף
גערעכטיגקייט און ס'איז שלעכטיגקייט, אויף רעכט־
טהועריי און ס'איז אַ יאָמעריי.
8 וועה צו די וועלכע רוקען צו אַ הויז צו אַ הויז, און
נעהנטערען אַ פעלד צו אַ פעלד ביז ס'איז מעהר
קיין פלאַץ ניטאָ, און איהר אַליין בלייבט זיצען אין'ם
לאַנד.
9 אין מיינע אויערען (האָט געשוואָרען) דער גאָט פון
אַרמייען: אויב פיעל הייזער וועלען ניט בלייבען
וויסט, גרויסע און שעהנע, ווייל ס'וועט קיין איינ־
וואָהנער ניט זיין!
10 דען צעהן אַקערס וויינגאָרטען וועלען ברינגען איין
בת (אַ מאָס) און אַ חמר קערנער וועט ברינגען אַן
איפה.
11 וועה צו די, וועלכע שטעהען אויף באַגינען און יאַגען
זיך נאָך שטאַרקען געטראַנק, די וועלכע זיינען אויף
שפעט ביי נאַכט ביז דער וויין צופלאַמט זיי.
12 און מיט גיטאַר און האַרף, צימבעל און פלייט און

וויין, איז זייער מאָהלצייט, און דאָס ווערק פון גאָט
קוקען זיי ניט אָן, און וואָס זיינע הענד האָבען
געשאַפען זעהען זיי ניט.
13 דרום איז מיין פאָלק פערטריבען געוואָרען, צוליעב
אונוויסענהייט; און זיינע געעהרטע מענער זיינען
הונגערלייט און זיין פעבעל שמאַכט פון דאָרשט.
14 דרום האָט די אונטער־וועלט אויסגעברייט איהר
באַגעהר, און האָט אויפגעשפּאַרט איהר מויל אָהן
אַ גרענעץ, און אַרונטערזינקען וועט איהר
(ירושלים'ס) גלאַנץ און איהר מענשענמאַסע און
איהר געטומעל און יעדער לוסטיגער וואָס אין איהר.
15 און איינבייגען וועט זיך דער מענש, און דערנידערט
ווערען וועט דער מאַן, און די אויגען פון די היכע
וועלען אַראָבגעלאָזט זיין.
16 און גאָט פון די אַרמייען וועט ערהאַבען זיין דורך
רעכט, און דער הייליגער אַלמעכטיגער וועט
געהייליגט ווערען דורך גערעכטיגקייט.
17 און די שעפסען וועלען זיך פיטערען אַזוי ווי אויף
זייער פאַשע, און די רואינען פון די פעטע וועלען
פרעמדע פערצעהרען.
18 וועה די וועלכע שלעפען דאָס אונרעכט מיט שטריק
פון בעטרוג, און אַזוי ווי מיט וואָגען־לייצעס — די
זינד.
19 די וועלכע זאָגען: לאָז ער שנעל זיין, לאָז ער אונטער־
אײַלען זיין ווערק, אום מיר זאָלען זעהן, און זאָל

זיך דערנעהנטערען און קומען דער בעשלוס פון
ישראל׳ס הייליגען, דאַמיט מיר זאָלען וויסען.
20 וועה די וועלכע זאָגען אויף שלעכטס ס׳איז גוט, און
אויף גוטס ס׳איז שלעכט; די וועלכע מאַכען פינ־
סטערנים פאַר ליכטיגקייט און ליכטיגקייט פאַר
פינסטערנים; די וועלכע מאַכען ביטערס פאַר זיס
און זיס פאַר ביטער.
21 וועה די וועלכע זיינען קלוג אין זייערע אייגענע
אויגען, און פערנינפטיג פאַר זייער אייגענעם
געזיכט.
22 וועה די (וועלכע זיינען) העלדען אויף וויין־טרינקען,
מענער מעכטיג (בלויז) אַ שטאַרק געטראַנק צו
מישען.
23 די וועלכע מאַכען גערעכט דעם פערברעכער צוליעב
געשאַנקען, און נעהמען פון דעם גערעכטען אַוועק
דאָס רעכט.
24 דרום, אַזוי ווי די צונג פון פייער פערצעהרט שטרוי
און היי פאַלט צוזאמען פאַר דעם פלאַם; אַזוי וועט
זייער וואָרצעל צופוילט זיין און זייער בליהונג וועט
ווי שטויב צוגעהן; וויל זיי האָבען פעראַכטעט די
לעהרע פון דעם גאָט פון אַרמייען און דאָס וואָרט
פון ישראל׳ס הייליגען האָבען זיי פערשפּאָטעט.
25 דרום צוברענט זיך דער צאָרן פון גאָט אויף זיין
פאָלק. און ער שטרעקט אויס זיין האַנד קעגען איהם,
און שלאָגט עס ביז די בערג ציטערען און זייער

טויטער קערפּער ליגט ווי מיסט אין מיטען פון די
גאַסען ; און ביי אַלעם דעם האָט זיך זיין צאָרן נאָך
ניט אָבגעקעהרט און נאָך איז זיין האַנד אויסגע־
שטרעקט.
26 און ער וועט אויפהויבען אַ סיגנאַל צו די פעלקער פון
דער ווייטען, און וועט איהם (איינעם פון זיי) צו־
פייפען פון דעם עק פון דער ערד און באַלד, איילענ־
דיג (און) פלינק וועט ער קומען.
27 קיין מיעדער און קיין וואַנקענדער איז צווישען איהם
ניטאָ, ער שלומערט ניט און ער שלאָפט ניט, ניט
לויזגעמאַכט איז דער גאַרטעל פון זיינע לענדען, ניט
אָבגעריסען איז דאָס שנירעל פון זיינע שיך.
28 זיינע פיילען זיינען פערשאַרפט און אַלע זיינע
בויגענס אָנגעצויגען, די קאָפּיטעס פון זיינע פערד
זיינען צו קיזעלשטיין געגליכען, און זיינע רעדער ווי
דער שטורם־ווינד.
29 אַ בריל האָט ער ווי אַ לעווין, ער ברילט ווי די יונגע
לייבען, ער ברומט און כאַפּט זיין רויב און שלעפּט
אַוועק און קיין רעטער איז ניטאָ.
30 און ברומען וועט עס איבער איהם אין דעם דאָזיגען
טאָג ווי דאָס ברומען פון מעער ; און וועט מען אויף
דער ערד קוקען וועט בלויז פינסטערניס זיין און אַ
דריקעניס און דאָס ליכט וועט פערדונקעלט ווערען
פון די וואָלקען.

קאפיטעל ו.

1 אין דעם יאָהר פון קיניג עזיהו׳ס טויט האָב איך גע־
זעהן גאָט זיצענדיג אויף אַ הויכען און ערהאבענעם
שטוהל און זיינע פאָלעס האָבען אָנגעפילט דעם
טעמפעל.

2 שרפים זיינען געשטאַנען איבער איהם, צו זעקס
פליגלען, צו זעקס פליגלען ביי איטליכען; מיט צוויי
האָט ער זיין געזיכט פערדעקט און מיט צוויי האָט
ער זיינע פיס פערדעקט און מיט צוויי איז ער
געפלויגען.

3 און אויסגערופען האָט איינער צום אַנדערען: הייליגער,
הייליגער, הייליגער, גאָט פון ארמייען, די גאַנצע
ערד איז פול מיט זיין גלאַנץ.

4 און די שוועל־באַלקענס האָבען זיך געטרייסעלט פון
דער רופענדער שטים און דאָס הויז איז פול געוואָרען
מיט רויך.

5 און איך האָב געזאָגט: וועה מיר, דען איך בין פער־
לאָרען, ווייל אַ מאַן פון אונריינע ליפּען בין איך
און צווישען אַ פאָלק פון אונריינע ליפּען וואוהן איך,
דען דעם קיניג, דעם גאָט פון אַרמייען האָבען מיינע
אויגען געזעהן.

6 און עס איז צוגעפלויגען צו מיר איינער פון די שרפים
און אין זיין האַנד איז געווען אַ גליהענדע קויהל, מיט

אַ פייער־צוואַנג האָט ער (זי) פון אַלטאַר אַרונטער־
גענומען.
7 און ער האָט צוגעלעגט צו מיינע ליפען און געזאָגט:
זעה, ד אַ ס האָט זיך צו דיינע ליפען צוגעריהרט
און דיין פערברעכען האָט זיך אָבגעטהאָן און דיין
זינד איז פערגעבען.
8 און איך האָב געהערט די שטימע פון גאָט זאָגענדיג:
וועמען זאָל איך שיקען? ווער זאָל געהן פאַר אונז?
און איך האָב געזאָגט: אָט בין איך, שיק מיך.
9 און ער האָט געזאָגט, געה און זאָג צו דעם דאָזיגען
פאָלק: הערט זיך טאַקי צו אָבער פערשטעהן וועט
איהר ניט, זעהט טאַקי, אָבער דערקענען וועט איהר
ניט.
10 פערשטאָפּט מיט פעטס וועט זיין דאָס הערץ פון
דעם דאָזיגען פאָלק, און זיינע אויערען וועלען זיין
שווער און זיינע אויגען אָבגעקעהרט דאַמיט ער
זאָל ניט זעהן מיט זיינע אויגען, און ניט הערען מיט
זיינע אויערען, און זיין הערץ זאָל ניט פערשטעהן
און ער זאָל זיך ניט אומקעהרען און געהיילט ווערען.
11 און איך האָב געזאָגט: ביז ווי לאַנג, גאָט? און ער
האָט געזאָגט: ביז וואַנען די שטעדט וועלען ווערען
ליידיג אָהן אַן איינוואוהנער, און די הייזער אָהן אַ
מענשען, און די ערד וועט זיין פוסט ווי אַ וויסטעניי.
12 און גאָט וועט דערוויטערען דעם מענשען, און גרויס
וועט זיין די וויסטענים אין דעם לאַנד.

13 און וועט נאָך בלייבען אַ צעהנט־חלק וועט עס פער־
ניכטעט ווערען; אַזוי ווי ביי דעם טערפענטין־בוים
און דעם דעמב־בוים, ווען די בלעטער פאַלען, בלייבט
(בלויז) דער שטאַם (אַזוי וועט בלייבען) דער הייליגער
גער קערן, איהר שטאַם.

קאפיטעל ז.

1 און עס איז געשעהן אין די טעג פון אחז דעם זוהן פון
יותם דעם זוהן פון עזיהו דעם קיניג פון יהודה, אַז
עס איז אַרויפגעקומען רצין דער קיניג פון ארם און
פקח דער זוהן פון רמליהו דער קיניג פון ישראל אויף
ירושלים צו (האַלטען) שטרייט מיט איהר אָבער ער
האָט זי ניט געקענט בעצווינגען.
2 און עס איז אָנגעזאָגט געוואָרען אין דעם הויז פון דוד:
ארם האָט זיך בעזעצט מיט אפרים (צוזאַמען) און
עס האָט זיך געטרייסעלט זיין הערץ און דאָס הערץ
פון זיין פאָלק אַזוי ווי עס טרייסלען זיך די ביימער
פון וואַלד פאַר'ן ווינד.
3 און גאָט האָט געזאָגט צו ישעיהו'ן: געה אַרויס אַקעגען
אחז דו און שאר ישוב („דער רעשט וועט זיך אומ־
קעהרען") דיין זוהן צו דעם ברעג פון דעם וואַסער־
קאַנאַל פון דעם אויבערשטען טייך, צו דער גאַס פון
וואַשער'ס־פעלד.
4 און דו זאָלסט צו איהם זאָגען: נעהם זיך אין אַכט
אָבער זיי רוהיג, זאָלסט זיך ניט שרעקען און דיין

הערץ זאָל ניט דערוויכט ווערען צוליעב די צוויי
שטיקלעך רויכערדיגע האַלאָוועסקעס — פאַר דעם
גרימצאָרן פון רצין און ארם און פון דעם זוהן פון
רמליהו.

5 ווייל עס האָט אויף דיך שלעכטס געפּלאַנט ארם, און
אפרים און דער זוהן פון רמליהו, און געזאָגט:

6 לאָמיר אַרויפגעהן אויף יהודה און זי דערשרעקען און
לאָמיר זי אויפברעכען פאַר אונז און אַרויפזעצען
פאַר אַ קעניג דעם זוהן פון טבאל —

7 האָט גאָט דער האַרר אַזוי געזאָגט: עס וועט ניט צו־
שטאַנד קומען און עס וועט ניט געשעהן.

8 דען דער קאָפּ פון ארם איז דמשק, און דער קאָפּ פון
דמשק איז רצין; און אין נאָך פינף און זעכציג יאָהר
וועט אפרים צובראָכען ווערען (און זיין) אוים פאָלק.

9. און דער קאָפּ פון אפרים איז שומרון, און דער קאָפּ פון
שומרון איז דער זוהן פון רמליהו. אויב איהר גלויבט
ניט (איז עס) ווייל איהר אַליין זייט ניט באַגלויבט.

10 און גאָט האָט ווידער גערעדט צו אחז'ן און געזאָגט:

11 פאַרלאַנג זיך אַ צייכען פון גאָט דיין האַרר, פאַרלאַנג
פון דער טיעפעניס אָדער פון אויבען אין דער הויך.

12 און אחז האָט געזאָגט: איך וועל ניט פערלאַנגען און
וועל ניט פּרובירען גאָט.

13 און ער האָט געזאָגט: הערט נאָר, איהר הויזגעזינד

פון דוד, ווייניג איז אייך וואָס מענשען פערמאַטערט
איהר, איהר ווילט אויך מיין גאָט מיעד מאַכען ?
14 דרום וועט אייך גאָט אַליין אַ צייכען געבען ; אָט וועט
די יונגע פרוי שוואַנגער ווערען און וועט האָבען אַ
זוהן און זי וועט זיין נאָמען רופען עמנואל (מיט אונז
איז גאָט).
15 שמאַנט און האָניג וועט ער עסען אַזוי שנעל ווי ער
פערשטעהט פיינד צו האָבען שלעכטס און אויסצו־
קלייבען גוטס.
16 דען איידער דאָס קינד וועט פערשטעהן פיינד צו
האָבען שלעכטס און אויסצוקלייבען גוטס, וועט פאַר־
לאָזען ווערען די ערד וואָס דו שרעקסט זיך פאַר
איהרע צוויי קיניגגען.
17 גאָט וועט ברענגען אויף דיר און אויף דיין פאָלק און
אויף דיין פאָטער'ס הויז טעג וועלכע זיינען ניט גע־
קומען זינט דעם טאָג ווען אפרים האָט זיך אָבגעזונ־
דערט פון יהודה — דעם קיניג פון אשור (וועט ער
ברענגען אויף דיר).
18 און עס וועט געשעהן אין יענעם טאָג, אַז גאָט וועט
רופען די פליג וועלכע איז ביי דעם ברעג פון מצרים'ס
פלוסען, און די ביהן וועלכע איז אין לאַנד פון אשור.
19 און זיי וועלען קומען און וועלען זיך אַלע בעזעצען
אין די וויסטע טהאָל־גריבער און אין די פעלז־

שפּאַלטען און אין אַלע דערנערהויפּענס און אין אַלע
קוסטעס.
20 אין יענעם טאָג וועט גאָט אָבגאָלען מיט דעם גאָלמעס־
סער, געדונגען פון יענער זייט טייך — מיט דעם
קיניג פון אשור, דעם קאָפּ, און די האָאר פון די פיס,
און אויך דעם באָרד וועט ער (דער גאָלמעסער) אַרונ־
טערנעהמען.
21 און עס וועט געשעהן אין יענעם טאָג, אַז אַ מאַן וועט
אויפהאָדעווען אַ יונגע קאַלב און צוויי יונגע
שעפּסען.
22 און עס וועט געשעהן, אַז צוליעב דאָס פיעל מילך (וואָס
זיי וועלען) געבען וועט ער עסען שמאַנט; דען
שמאַנט און האָניג וועט עסען יעדער וועלכער וועט
בלייבען אין׳ם לאַנד.
23 און עס וועט געשעהן אין יענעם טאָג אַז דער פּלאַץ
וואו עס זיינען פאַראַנען (איצט) טויזענד וויינשטאָ־
קען ווערטה טויזענד זילבערשטיק, וועט זיין פאַר
ווילדע געוויקסען און דערנער.
24 מיט פיילען און מיט בויגען וועט מען אַהין קומען—דען
פאַר ווילדע געוויקסען און דערנער וועט זיין דאָס
גאַנצע לאַנד.
25 און אַלע בערג וועלכע ווערען מיט׳ן רידעל געגראָבען
דאָרט וועט דער שרעק פון ווילדע געוויקסען און
דערנער ניט קומען, און עס וועט זיין אַ פיטער־

פלאַטין פאַר'ן אָקס און אַ טראַמפּעל־פעלד פאַר די
שאָף.

קאפּ. ח.

1 און גאָט האָט געזאָגט צו מיר: נעהם דיר אַ גרויסע
טאָוועל און שרייב אויף איהם מיט פאָלק־
שריפט: למהר שלל, חש בז („שנעלע בערויבונג, גיכער
רויב").
2 און איך האָב מיר גערופען טרייע עדות, אוריהו דעם
פּריסטער און זכריהו דעם זוהן פון יברכיהו.
3 און איך בין געקומען צו דער פּראָפעטין און זי איז
שוואַנגער געוואָרען, און זי האָט געבאָרען אַ זוהן;
און גאָט האָט געזאָגט צו מיר: רוף זיין נאָמען „מהר
שלל חש בז".
4 דען איידער דאָס קינד וועט וויסען צו רופען „טאַטע"
און „מאַמע", וועט מען אַוועקטראָגען דאָס רייכטהום
פון דמשק און דעם רויב פון שומרון פאַר דעם קיניג
פון אשור.
5 און גאָט האָט נאָך ווידער גערעדט צו מיר אַזוי צו
זאָגען:
6 ווייל אָט דאָס דאָזיגע פאָלק האָט פעראַכטעט דאָס
וואַסער פון שלח וועלכעס פליסט זאַכט און עס האָט
זיך געפרעהט מיט רצין און דעם זוהן פון רמליהו —
7 דרום זעה, גאָט ברינגט אויף זיי דאָס פולע און מעכטיגע

וואַסער פון דעם שטראָם — דעם קיניג פון אשור
מיט זיין גאַנצען גלאַנץ, און ער וועט אַריבערשטייגען
אַלע זיינע קאַנאַלען, און ער וועט אַריבערלויפען
איבער אַלע זיינע ברעגעס.
8 און ער וועט אַריין אין יהודה; פלייצענדיג וועט ער
דורכגעהן, ביז׳ן האַלז וועט ער גרייכען, און זיינע
אויסגעשפּרייטע פליגלען וועלען אָנפילען די ברייט
פון דיין לאַנד, אָ, עמנו אל („גאָט מיט אונז“)!
9 זאַמעלט זיך צונויף איהר פעלקער דען איהר וועט
צובראָכען ווערען, פערנעהמט איהר אַלע ווייטע
עקען פון דער ערד, גורט זיך אָן, איהר וועט צובראָ־
כען ווערען, גורט זיך אָן איהר וועט צובראָכען
ווערען.
10 פּלאַנט אויס אַ פּלאַן און ער וועט צושטערט ווערען,
רעדט אָפּ אַ זאַך און זי וועט ניט געלינגען דען מיט
אונז איז גאָט.
11 דען אַזוי האָט גאָט צו מיר געזאָגט, מיט דער מאַכט
פון פּראָפעצייאונג, און ער האָט מיך געוואָרנט ניט
צו געהן אין דעם וועג פון דעם דאָזיגען פאָלק, אַזוי
צו זאָגען:
12 איהר זאָלט ניט רופען אַ בונט אַלין וואָס דאָס דאָזיגע
פאָלק רופט אַ בונד, איהר זאָלט ניט שרעקען זיך
פאַר וואָס עס שרעקט זיך, און איהר זאָלט ניט
ציטערען.

13 דעם גאָגט פון אַרמייען, איהם זאָלט איהר הייליגען,
עַר זאָל אייער אַנגסט זיין, ער זאָל אייער שרעק זיין.
14 און ער וועט זיין אַ הייליגטהום און אויך אַ הינדער־
שטיין און אַ שטרויכעל־פעלז פאַר די ביידע הייזער
פון ישראל, אַ נעץ און אַ פאַסטקע פאַר דעם איינ־
וואָהנער פון ירושלים.
15 און פיעל וועלען אָן זיי געשטרויכעלט ווערען, און זיי
וועלען פאַלען און צובראָכען ווערען, און זיי וועלען
זיך פאַרפלאָנטערען און וועלען געפאַנגען ווערען.
16 פאַרבינד דאָס צייגנים, פאַרזיגעל מיין לעהרע צווישען
מיינע שילער.
17 און איך וועל וואַרטען אויף גאָט, וועלכער פערבאָרגט
זיין געזיכט פון יעקב׳ס הויז, און איך וועל האָפען צו
איהם.
18 אָט בין איך און די קינדער, וועלכע גאָט האָט מיר
געשאָנקען, צייכענס און מוסטער בילדער צווישען
ישראל, פון דעם גאָט פון אַרמייען וועלכער רוהט
אויף ציון׳ס באַרג.
19 און ווען זיי וועלען זאָגען צו אייך: פרעגט ביי די
צויבערערס און די וואהרזאגערס, וועלכע פּיפּצען און
מורמלען, (ענטפערט:) זאָל דען ניט אַ פאָלק ביי זיין
גאָט פרעגען? (ווארום פרעגען) פאַר די לעבעדיגע
ביי די טויטע?
20 (איך שווער) ביי דעם צייגנים און ביי דער לעהרע:

אויב זיי וועלען אייך ניט זאָגען אַזעלכע ווערטער ווי
די דאָזיגע, אין וועלכע עס איז קיין זינן ניטאָ!
21 און אַרומוואַנדערן וועט דאָרטען (דער מענש) אַ באַ־
דריקטער און אַ הונגעריגער. און עס וועט געשעהן,
אַז ווען ער וועט הונגער ליידען וועט ער פלוכען זיין
אָפּגאָט און זיין קיניג און וועט זיך ווענדען אין דער
הייך (נאָך הילף).
22 און צו דער ערד וועט ער בליקען און ס'איז (בלויז)
אומגליק און פינסטערנים, די חשכ'נים פון בעדריקונג;
און ער (וועט זיין) אין דונקעלהייט פאַרשטויסען.
23 דיען עס איז קיין מידקייט ניטאָ איף איהר באַדריקער.
דאָס ערשטע מאָל איז ער מילד געווען מיט דעם
לאַנד פון זבולון און דעם לאַנד פון נפתלי, אָבער דאָס
לעצטע מאָל איז ער שטרענג, אויף זיין וועג פאַרביי
דעם מעער, אויף יענער זייט ירדן און ביז צו דער
געגענד פון אַלע שטאַמען.

קאַפּיטעל ט.

1 דאָס פאָלק וואָס האָט אין פינסטערנים געוואַנדערט
האָט אַ גרויסע ליכטיגקייט דערזעהן, די וואָס האָבען
געוואָהנט אין דעם לאַנד פון טויט־שאָטען — איף
זיי האָט אַ ליכט אַראָפּגעשיינט.
2 דו האָסט פאַרמעהרט דאָס פאָלק, גרויס האָסטו זיין
פרייד געמאַכט; זיי פרעהען זיך פאַר דיר אַזוי ווי מען

פרעהט זיך אין שניט־צייט, אַזוי ווי מען איז לוסטיג
ווען מען צוטהיילט זיך מיט דעם רויב (פון קריעג).
3 דען דעם יאָך פון זיין לאַסט און דעם שטעקען פון זיין
שולטער און די רוטה פון זיין פייניגער האָסטו צו־
בראָכען אַזוי ווי אין דעם טאָג פון מדין.
4 דען דער קריגס־שוך פון דעם טומעלדיגען קריגער און
דאָס קלייד אין בלוט געוועלצט ווערט פאַרברענט,
אַ שפּייז פאַר'ן פייער.
5 דען אַ קינד איז אונז געבאָרען, אַ זוהן איז אונז געשאָנ־
קען געוואָרען, און די הערשאַפט איז אויף זיינע
שולטערען, און ער רופט זיין נאָמען וואונדער (־מאַן),
ראַטהגעבער פון דעם מעכטיגען גאָט, פירסט פון
פרידען.
6 אום צו פערמעהרען די הערשאַפט און אום צו פרידען
זאָל קיין ענד ניט זיין, אויף דעם טהראָן פון דוד און
אויף זיין קיניגרייך; אום עס אויפצושטעלען און עס
צו שטיצען דורך רעכט און גערעכטיגקייט, פון
איצט אָן ביז אויף אייביג; דאס איינשטעלען זיך
(פאַר אונז) פון דעם גאָט פון אַרמייען ווערט דאָס
דאָזיגע טהאָן.
7 אַ וואָרט האָט גאָט אַרויסגעשיקט צווישען יעקב, און
צווישען ישראל איז עס געפאַלען.
8 און דאָס גאַנצע פאָלק ווערט עס וויסען, אפרים און דער
איינוואָהנער פון שומרון, וועלכע האָבען מיט שטאָלץ

און מיט גרויסהאַלטעריי געזאָגט:

9 ציגעל זיינען איינגעפאַלען, אָבער מיר וועלען פון גע־
האַקטע שטיינער (וויעדער) בויען; מוילבער־בוימער
זיינען אַרונטערגעשניטען געוואָרען, אָבער מיר
וועלען (זיי) אויף צעדער־בוימער פאַרבייטען.

10 דרום וועט גאָט שטאַרקען די געגנערס פון רצין קעגען
איהם, און וועט אָנרייצען זיינע פיינד.

11 ארם פון פאָרענט און פלשתים פון הינטען; און זיי
וועלען אויפעסען ישראל מיט'ן פולען מויל. און נאָך
דעם אַלעמען, האָט זיך נאָך זיין צאָרן ניט אָפּגעווענ־
דעט און נאָך איז זיין האַנד אויסגעשטרעקט.

12 אָבער דאָס פאָלק קעהרט זיך ניט צו דעם וועלכער
האָט איהם געשלאָגען, און דעם גאָט פון אַרמייען
זוכען זיי ניט.

13 און גאָט וועט אַרונטערשניידען פון ישראל דעם קאָפּ
און דעם וויידעל, דעם פאַלמענצווייג און דאָס טייך־
ריטהעל אין איין טאָג.

14 דער גרייז און אנגעזעהענער — דאָס איז דער קאָפּ,
דער פּראָפעט וועלכער לערנט ליגען — דאָס איז דער
וויידעל.

15 און די וועגוויזער פון דעם דאָזיגען פאָלק זיינען פאַר־
פיהרער, און די געפיהרטע זיינען צומישט.

16 דרום פרייהט זיך ניט גאָט מיט די יונגע לייט זיינע,
און אויף זיינע יתומים און זיינע אלמנות האָט ער

קיין מיטלייד ניט; דען יעדער איז אַ'ן אונטערלעקער
און אַ שלעכטס טהוער, און יעדער מויל רעדט נידער־
טרעכטיגקייט ; און נאָך דעם אַלעמען האָט זיך נאָך
זיין צאָרן ניט אָבגעקעהרט און נאָך איז זיין האַנד
אויסגעשטרעקט.
17 דען די שלעכטיגקייט ברענט ווי אַ פייער, זי פאַר־
צעהרט דערנער און געוויקסען, זי צינדט אָן די קוס־
טעס פון וואַלד און זיי וויקלען זיך אין הויכע רויכ־
וואָלקענס.
18 דורך דעם צאָרן פון דעם גאָט פון אַרמייען ווערט די
ערד מיט רויך פאַרשטיקט, און דאָס פאָלק ווערט ווי
אַ שפּייז פאַר'ן פייער ; קיינער פאַרשוינט ניט דעם
אַנדערען.
19 און ער שניידט אויף רעכטס און איז (נאָך אַלין) הונ־
געריג, פאַרצעהרט אויף לינקס און ער איז (נאָך
אַלין) ניט זאַט, יעדער עסט דאָס פלייש פון זיין
(אייגענעם) אָרעם.
20 מנשה אויף אפרים און אפרים אויף מנשה, און זיי צו־
זאַמען אויף יהודה ; און נאָך דעם אַלעמען האָט זיך
נאָך זיין צאָרן ניט אָפּגעקעהרט, און נאָך איז אויס־
געשטרעקט זיין האַנד.

קאפּ. י.

1 וועה צו די וועלכע מאַכען געזעצען פון אונרעכט און

די שרייבערס וועלכע שרייבען אונגליק (בלויז).
2 אום צו פאַרדרעהען די נויטהבאַדירפטיגע פון דעם
(גערעכטען)־אורטהייל און אַוועקצורייבען דאָס
רעכט פון די אָרעמע פון מיין פאָלק, אום אלמנות
זאָלען זיין זייער רויב און זיי זאָלען יתומים בעראַ־
בעווען.
3 און וואָס וועט איהר טהאָן אין דעם טאָג פון אונטערזוּ־
כונג? און צו דער פערוויסטונג וועלכע קומט פון דער
ווייטען? צו וועמען וועט איהר נאָך הילף לויפען?
וואו וועט איהר אייער שטאָלץ לאָזען?
4 דער וואָס וועט ניט ליגען געקנייעט אונטער די געפאַנ־
גענע, וועט פאַלען אונטער די טויטע; און נאָך דעם
אַלעמען האָט זיך נאָך זיין צאָרן ניט אָפּגעקעהרט
און נאָך איז אויסגעשטרעקט זיין האַנד.
5 וועה צו אשור וועלכער איז די רוטה פון מיין צאָרן, און
מיין וואוטה איז דער שטעקען אין זייער האַנד.
6 אויף אַ פאַלשע נאַציאָן וועל איך איהם אָנשיקען, אויף
דאָס פאָלק פון מיין צאָרן; באַפעהלען וועל איך איהם
צו ראַבעווען, און צו ראַבירען, און זי מאַכען צו־
טראָמפּעלט ווי דעם קויט פון די גאַסען.
7 אָבער ער (אַליין) דענקט ניט אַזוי, און ניט אַזוי טראַכט
זיין הערץ; צו צושטערען (בלויז) איז אין זיין הער־
צען, און צו פאַרטיליגען ניט־וועניג נאַציאָנען.
8 דען ער זאָגט: זיינען ניט מיינע פירסטען אַלע קיניגע?

9 איז ניט ווי כרכמיש כלנו? איז ניט ווי ארפד חמת?
איז ניט ווי דמשק שומרון?

10 אַזוי ווי מיין האַנד האָט דערגרייכט די קיניגרייכען
פון די געצען וואָס זייערע אָפּגעטער זיינען (נאָך
מעהר) פון ירושלים'ס און שומרון'ס —

11 זאָל איך ניט, ווי איך האָב געטהאָן צו שומרון און
איהרע געצען, טהאָן אַזוי צו ירושלים און איהרע
אָפּגאָט־בילדער?

12 און עס וועט געשעהן, ווען גאָט וועט האָבען געענ־
דיגט זיין ווערק אויף באַרג ציון און ירושלים, (דאַן)
וועל איך באַשטראָפען די פרוכט פון דער שטאָלץ־
הערציגקייט פון אשור'ס קיניג, און די באַריהמעריי
פון זיינע גאוה'דיגע אויגען.

13 דען ער האָט געזאָגט: מיט דער קראַפט פון מיין האַנד
האָב איך (עס) אויפגעטהאָן און מיט מיין קלוגשאַפט;
דען איך בין פאַרנונפטיג און איך האָב אָבגעשאַפט
די גרענעצען פון די פעלקער, און האָב זייערע שאַצען
צוראַבירט און האָב מעכטיג אַרונטערגעשליידערט
די (טהראָן־) זיצערס.

14 און מיין האַנד האָט דערגרייכט דאָס רייכטהום פון די
פעלקער אַזוי ווי (מע דערגרייכט) אַ פויגעל־נעסט,
און אַזוי ווי מע קלייבט אויף פאַרלאָזענע אייעלעך,
האָב איך אַליין אויפגעקליבען די גאַנצע ערד און עס
איז ניט געווען (איינער) וועלכער האָט אַ פליגעל

באַוועגט אָדער אַ מויל געעפּענט און געפּיפּצט.

15 צי קען זיך די האַק בעריהמען קעגען דעם יעניגען
וועלכער האַקט מיט איהר? צי קען זיך די זעג גריי־
סען קעגען דעם יעניגען וועלכער באַוועגט זי? אַזוי
ווי די רוטה וואָלט פאָכען מיט דעם יעניגען וואָס
העבט זי אויף! אַזוי ווי דער שטעקען וואָלט
אויפהייבען דעם יעניגען וועלכער איז ניט קיין
האָלץ!

16 דרום וועט דער האַרר, דער גאָט פון אַרמייען, שיקען
אַ'ן איינדאַרענים אויף זיינע פעטע, און אונטער זיין
שטאָלץ וועט אָנגעצונדען ווערען אַ בראַנד — אַזוי
ווי דער בראַנד פון אַ פייער.

17 און דאָס ליכט פון ישראל וועט ווערען אַ פייער, און
זיין הייליגער — אַ פלאַם, און זי וועט ברענען און
פאַרצעהרען זיינע ווילדע געוויקסען און זיינע דער־
נער אין איין טאָג.

18 און די פּראַכט פון זיין וואַלד און זיין פרוכטגאָרטען;
לייב און זעעל וועט ער פערניכטען, און זיי וועלען
זיין ווי אַ זאַך פון ווערעם צופרעסען.

19 און דער רעשט בוימער פון זיין וואַלד וועט זיין גע־
צעהלט (בלויז), אַ קינד וועט זיי (קענען) אויפ־
שרייבען.

20 און עס וועט געשעהן אַז אין יענעם טאָג וועט דער
רעשט פון ישראל און די גערעטעטע פון יעקב'ס הויז

זיך ניט שטיצען מעהר אויף דעם וועלכער שלאָגט
איהם, נאָר זיי וועלען זיך שטיצען אויף גאָט, דעם
הייליגען פון ישראל, מיט טרייהייט.

21 דער רעשט וועט זיך אומקעהרען — דער רעשט פון
יעקב — צו דעם מעכטיגען גאָט.

22 דען אויב דיין פאָלק ישראל זאָל זיין ווי דאָס זאַמד
פון מעער, וועט (בלויז) אַ רעשט פון זיי זיך אומ־
קעהרען; פעסט באַשלאָסען איז די צושטערונג, זי
פליצט מיט גערעכטיגקייט.

23 דען אַ צושטערונג, וועלכע איז פעסט בעשלאָסען, וועט
מאַכען דער האַרר, דער גאָט פון אַרמייען, אינ'ם
גאַנצען לאַנד.

24 דרום האָט אַזוי געזאָגט דער האַרר, דער גאָט פון
אַרמייען: שרעק זיך ניט מיין פאָלק, איינוואָהנער
פון ציון, פאַר אשור; מיט דעם רוטה וועט ער דיך
שלאָגען, און זיין שטעקען וועט ער אויף דיך אויפ־
הויבען אויף דעם שטייגער פון מצרים.

25 דאָך נאָך אַ גאַנץ קליינע ווייל, און מיין פאַרדרוס
וועט פאַרגעהן און מיין צאָרן וועט (פאַלען) אויף
זייער פאַרניכטונג.

26 און אויפהויבען וועט איבער איהם דער גאָט פון
אַרמייען, אַ רוטה, אַזוי ווי ביים שלאָגען פון מדין
אין צור עורב, און (אַזוי ווי) זיין שטעקען (אמאָל)

אויף׳ן ים — און ער וועט איהם אויפהויבען (אויף
אשור) אזוי ווי (אמאל) אויף מצרים.

27 און עס וועט געשעהן, אז אין יענעם טאג וועט אבגע־
טהאן ווערען זיין לאסט פון דיין שולטער און זיין
יאך פון דיין האלז, און דער יאך וועט צובראכען
ווערען צוליעב דער פעטקייט (פון האלז).

28 אין עית איז ער געקומען, ער איז דורך מגרון דורכגע־
גאנגען, אין מכמש לאזט ער איבער זיין געפעק.

29 זיי זיינען דעם דורכגאנג אריבער, אין גבע האלטען זיי
נאכט, רמה ציטערט, גבעת שאול אנטלויפט.

30 שריי אויס הויך אויף דיין שטים, טאכטער פון גלים,
פארנעהם לישה, ארעמע ענתות.

31 פארוואגעלט געווארען איז מדמנה, די איינוואהנער
פון גבים זיינען אנטלאפען.

32 היינט נאך וועט ער אין נוב שטעהן; (דאן) וועט ער
זיין האנד אויפהויבען אויף בארג ציון, אויף דאס
געבירג פון ירושלים.

33 זעה, דער הארר, דער גאט פון ארמייען, וועט אראב־
האקען דעם פרוכטצווייג מיט געוואלט, און די הויך־
וואקסיגע וועלען אראנטערגעשניטען ווערען, און די
שטאלצע וועלען דערנידערט ווערען.

34 און ער וועט אראפהאקען די קוסטעס פון וואלד מיט
אייזען, און דער לבנון וועט פאלען דורך (די האנד
פון) א מעכטיגען.

קאפ. יא.

1 און עס וועט אַרויסגעהן אַ צווייג פון ישי'ס שטאַם, און
אַ ריטהעל וועט פון זיינע וואָרצלען אַרויסוואַקסען.
2 און עס וועט רוהען אויף איהם דער גייסט פון גאָט, דער
גייסט פון קלוגהייט און פאַרשטאַנד, דער גייסט פון
ענטשלאָסענהייט און העלדישקייט, דער גייסט פון
וויסען און גאָטספאָרכטיגקייט.
3 און ער וועט זיין בעגייסטערט מיט גאָטספאָרכטיגקייט,
און ער וועט אורטהיילען ניט נאָך דער זעהונג פון
זיינע אויגען, און ניט נאָך דער הערונג פון זיינע
אויערען וועט ער ענטשיידען.
4 נאָר ער וועט משפט'ן מיט גערעכטיגקייט די נויטה־
באַדירפטיגע, און ער וועט אורטהיילען מיט ריכטיג־
קייט די געדריקטע פון'ם לאַנד, און ער וועט שלאָגען
די ערד מיט דעם רוטה פון זיין מויל, און מיט דעם
הויך פון זיינע ליפען וועט ער דעם שלעכטען טויטען.
5 און גערעכטיגקייט וועט זיין דער גאַרטעל אַרום זיינע
לענדען, און עהרליכקייט דער גאַרטעל אַרום זיינע
דיכען (היפטען).
6 און אַ וואָלף וועט וואָהנען (צוזאַמען) מיט אַ שעפּס, און
אַ טיגער וועט ליגען (צוזאַמען) מיט אַ ציקעלע, און
אַ קאַלב און אַ יונגער לייב און אַ פעטער רינד
(וועלען זיין) אין איינעם, און אַ קליין קינד וועט זיי
פיהרען.

7 און אַ קוה און אַ בער וועלען זיך צוזאַמען פיטערען, (צוזאַמען) וועלען זייערע יונגע ליעגען, און דער לייב וועט אַזוי ווי דער רינד שטרוי עסען.
8 און אַ זויגלינג וועט זיך שפּילען ביי דעם לאָך פון אַ פּיפּערנאָטער, און אויף די נאָרע פון אַ גיפטיגער שלאַנג וועט אַן ענטוועהנט קינד זיין האַנד אויסשטרעקען.
9 זיי וועלען ניט טהאָן קיין בייז און זיי וועלען ניט שאַדען טהאָן אויפ׳ן גאַנצען הייליגען באַרג מיינעם, דען די גאַנצע ערד וועט זיין פול מיט ערקענונג פון גאָט, אַזוי ווי דאָס וואַסער פערדעקט דעם (דעק פון) ים.
10 און עס וועט געשעהן אין יענעם טאָג אַז דער וואָרצעל פון ישי, וועלכער שטעהט אַלס מוסטער פאַר די פעלקער — איהם וועלען די נאַציאָנען זוכען און זיין וואָהנונג וועט זיין אַ פּרעכטיגקייט.
11 און עס וועט געשעהן, אַז אין יענעם טאָג וועט גאָט אַ צווייטעס מאָל אויסשטרעקען זיין האַנד צוצונעה־מען פאַר זיך דעם רעשט פון זיין פאָלק, וועלכער וועט איבערבלייבען פון אשור און פון מצרים און פון פתרוס און פון כוש און פון עילם און פון שנער און פון חמת און פון די אינזלען פון ים.
12 און ער וועט אויפהייבען אַ סיגנאַל צו די נאַציאָנען, און ער וועט אויפזאַמלען די פערשטויסענע פון ישראל און די צושפּרייטע פון יהודה וועט ער צוזאַמענ־

קלייבען פון די פיער עקען פון דער ערד.
13 און דער נייד פון אפרים וועט אָבגעטהאָן ווערען, און
די פיינד פון יהודה וועלען פערטיליגט ווערען;
אפרים וועט ניט מעהר בענײדען יהודה און יהודה
וועט ניט מעהר אָנגרייפען אפרים.
14 און זיי וועלען פליהען אויף די שולטערען פון די
פלשתים מערב־צו, צוזאַמען וועלען זיי ראַבירען די
קינדער פון מאָרגענלאַנד; אויף אדום און מואב
וועט פאַלען זייער האַנד, און די קינדער פון עמון
וועלען צו זיי געהאָרכזאַם זיין.
15 און גאָט וועט פערוויסטען די ים־צונג פון מצרים, און
ער וועט אויפהייבען זיין האַנד אויף דעם טייך מיט
דער מעכטיגקייט פון זיין ווינד, און ער וועט איהם
צוקלאַפּען אויף זיעבען פלוסען, און ער וועט מאַכען
(מען זאָל איהם) מיט שיך אַריבערגעהן.
16 און עס וועט זיין אַ שטעג פאַר דעם רעשט פון זיין
פאָלק, וועלכער וועט בלייבען פון אשור, אַזוי ווי עס
איז געוועזן פאַר ישראל ווען ער איז אַרויס פון לאַנד
מצרים.

קאפּ. יב.

1 און דו וועסט זאָגען אין יענעם טאָג: איך דאַנק דיר
גאָט וואָס דו האָסט געצאָרענט אויף מיר; דיין
צאָרען קעהרט זיך אָב און דו טרייסט מיך.

2 אָט איז דער גאָט פון מיין רעטונג, איך בין זיכער און
איך שרעק זיך ניט, דען מיין שטאַרקייט און מיין
פרייד־ליעד איז דער אייביגער; און ער איז מיין
רעטונג.
3 און איהר וועט מיט פרייד שעפּען דאָס וואַסער פון די
קוואַלען פון רעטונג.
4 און איהר וועט זאָגען אין יענעם טאָג: גיט אַ דאַנק צו
גאָט, רופט זיין נאָמען, לאָזט וויסען צווישען די
פעלקער זיינע גרויסע טהאַטען, געדענקט אַז ער־
האַבען איז זיין נאָמען.
5 זינגט צו גאָט, דען אַ גרויסע זאַך האָט ער איפּגעטהאָן;
בעוואוסט איז עס איבער דער גאַנצער ערד.
6 רוף אויס אין דער הויך און זינג, איינוואָהנערין פון
ציון, דען גרויס איז צווישען דיר דער הייליגער
ישראל׳ס.

קאפּ. יג.

1 די פּראָפעצייאונג איבער בבל, וועלכען עס האָט גע־
פּראָפעצייט ישעיהו דער זוהן פון אמוץ.
2 אויף אַ הויכען באַרג הייבט אויף אַ פאָהן, הייבט אויף
די שטים צו זיי, רופט מיט דער האַנד און זאָלען זיי
אַריינקומען אין די טויערען פון די פירסטען.
3 איך האָב מיינע געהייליגטע בעפוילען, איך האָב אויך
גערופען די העלדען פון מיין צאָרען, די וועלכע פרייען
זיך מיט מיין גרויסקייט.

4 אַ טומעלגערויש איז אין די בערג, אזוי ווי פון אַ מאַסע
פאָלק, אַ ליאַרעם־קלאַנג פון די קיניגרייכען פון די
נאַציאָנען וועלכע פערזאַמלען זיך; גאָט פון די
אַרמייען מוּשטירט אַ קריעגס־אַרמיי.
5 זיי קומען פון אַ ווייטען לאַנד, פון דעם ברעג הימעל —
גאָט מיט די וואַפען פון זיין צאָרען אום די גאַנצע
ערד צו צושטערען.
6 קלאָגט, דען נאָהענט איז דער טאָג פון גאָט; אַזוי ווי
אַן אונגליק פון דעם אַלמעכטיגען קומט ער.
7 דרום וועלען אַלע הענד אָבגעשלאַפט זיין און יעדעס
מענשען־הערץ וועט צוגאַנגען ווערען.
8 און זיי וועלען צושראָקען ווערען, שמערצען און וועה־
טאָגען וועלען זיי אָננעהמען, אַזוי ווי אַ געווינערין
וועלען זיי וועהען ליידען; איינער וועט קוקען פער־
וואונדערט אויפ'ן אַנדערען; דאָס אויסזעהן פון
(רויטע) פלאַמען וועט זייער אויסזעהן זיין.
9 אָט קומט דער טאָג פון גאָט, אַ גרויזאַמער, מיט וואוטה
און מיט גרימצאָרען, אום די ערד וויסט צו מאַכען;
און איהרע זינדיגע וועט ער פון איהר פערטיליגען.
10 דען די שטערען פון הימעל און זייערע פלאַנעטען
וועלען זייער ליכט ניט אַראָבשיינען, די זון וועט
פינסטער זיין ביי איהר אויפגאַנג, און די לבנה וועט
איהר ליכטיגקייט ניט אַרונטערשטראַהלען.
11 און איך וועל די וועלט בעשטראָפען פאַר די שלעכטיג־

קייט אין די פערדאָרבענע פאַר זייער זינד, און איך
וועל צושטערען דעם שטאָלץ פון די פרעכע, און די
גרויסקייט פון די טיראַנען וועל איך דערנידערען.
12 איך וועל דעם מענשען מאַכען מעהר זעלטען ווי גינ־
גאָלד; און דעם ערדענזוהן — ווי אופיר׳ס גאָלד.
13 דרום וועל איך מאַכען די הימלען ציטערען, און די ערד
וועט אויפגעטרייסעלט ווערען פון איהר פּלאַץ, דורך
דער וואוטה פון דעם גאָט פון אַרמייען, און דעם
טאָג פון זיין גרימצאָרען.
14 און זיי וועלען זיין ווי אַ פערפאָלגטער הירש, ווי שאָף
וועלכע קיינער זאַמעלט ניט איין, יעדער וועט זיך
צו זיין פאָלק ווענדען, און יעדער וועט אין זיין לאַנד
אַנטלויפען.
15 דער וועלכער וועט געפונען ווערען וועט דערשטאָכען
ווערען, און דער וועלכער וועט געפאַנגען ווערען
וועט פאַלען דורכ׳ן שווערד.
16 און זייערע זויג־קינדער וועלען צושמעטערט ווערען
פאַר זייערע אויגען, צוראַבירט ווערען וועלען זייערע
הייזער און זייערע פרויען וועלען געשענדעט ווערען.
17 אָט וועל איך אָנרייצען אויף זיי מדי, וועלכע האַלטען
ניט פון זילבער, און גאָלד — איהם פערלאַנגען זיי
ניט.
18 און פיילענבויגענס וועלען אינגלעך צושמעטערן;
אויף די פרוכט פון געבערמוטער האָבען

זיי קיין מיטלייד ניט, און אויף קינדער דערבאַרעמט
זיך ניט זייער אויג.
19 און בבל, די פּראַכט פון קיניגרייכען, די שטאָלצע
צירונג פון די כשדים, וועט ווערען אַזוי ווי גאָט'ס
איבערקעהרעניש פון סדום און עמורה.
20 זי וועט אייביג ניט־בעזעצט בלייבען; פון געשלעכט צו
געשלעכט וועט זי ניט־בעוואָהנט בלייבען ; און דער
אַראַבער וועט דאָרט זיין געלט ניט מאַכען, און די
פּאַסטוכער וועלען דאָרט ניט פיטערען.
21 און טהיערען פון דער וויסטע וועלען דאָרט ליגען, און
זייערע הייזער וועלען פול זיין מיט נאַכט־איילען, און
שטרויספויגלען וועלען דאָרט וואָהנען, און בייזע
גייסטער וועלען דאָרט אַרומטאַנצען.
22 און ווילדע טהיערען וועלען ברומען אין זיינע פּאַלאַ־
צען און מדבר־וועלף אין די טעמפּלען פון פערגעני־
גען ; איהר צייט נעהענטערט זיך און איהרע טעג
וועלען זיך (לאַנג) ניט ציהען.

קאַפּ. יד.

1 דען גאָט וועט זיך דערבאַרעמען איבער יעקב און ער
וועט ווידער אויסערוועהלען ישראל'ן און ער וועט
זיי בעזעצען אויף זייער לאַנד, און די פרעמדע וועלען
צושטעהן צו זיי און וועלען זיך בעהעפטען צו דעם
הויז פון יעקב.

2 און נאַציאָנען וועלען זיי נעהמען און וועלען זיי ברינגען
אויף זייער פלאַץ, און דאָס הויז פון ישראל וועט זיי
צונעהמען פאַר קנעכט און פאַר דיענסטען, אויף
דעם לאַנד פון גאָט; און זיי וועלען האַלטען געפאַנ־
גען זייערע פאַנגערס און וועלען געוועלטיגען איבער
זייערע פייניגערס.
3 און עס זאָל געשעהן אין דעם טאָג ווען גאָט וועט דיך
בערוהיגען פון דיין פיין און דיינע ליידען און פון
דער שווערער אַרבייט וועלכע מען האָט דיך געמאַכט
אַרבייטען —
4 דאַן זאָלסטו אָט דעם פאָרטראַג האַלטען אויף דעם
קיניג פון בבל און זאָלסט זאָגען: ווי האָט אויפ־
געהערט (צו זיין) דער פייניגער! אויפגעהערט די
גאָלד־גיעריגע (בבל)!
5 צובראָכען האָט גאָט דעם שטעקען פון די שלעכטס־
טהוער, דעם צעפטער פון די געוועלטיגערס.
6 ער שלאָגט די פעלקער מיט וואוטה, קלעפ אָהן אויפ־
הער, ער בעצווינגט מיט צאָרן די נאַציאָנען, ער
פערפאָלגט זיי אָהן אַן אויפהער.
7 רוהיג און שטיל איז די גאַנצע ערד; זיי (מענשען)
ברעכען אויס אין געזאַנג.
8 אפילו די טענענביימער פרעהען זיך אויף דיר, (און) די
צעדערען פון לבנון (און זאגען): זינט דו האָסט זיך
אַוועקגעלעגט קומט צו אונז קיין העקקער ניט.

9 דאָס טויטענלאַנד פון אונטען האָט אויפגעציטערט
צוליעב דיר, ערוואַרטענדיג דיין קומען, זי וועקט
צוליעב דיר די טויטע אויף, אַלע פירסטען פון דער
ערד, און העבט אויף פון זייערע טהראָנען אַלע
קיניגען פון די נאַציאָנען.
10 זיי אַלע וועלען אויסרופען און זאָגען: דו אויך ביזט
שוואַך געוואָרען אזוי ווי מיר, צו אונז ביזטו גלייך
געוואָרען.
11 אין די אונטערוועלט, אַראָבגעשליידערט געוואָרען איז
דיין שטאָלץ, דער קלאַנג פון דיינע האַרפען; אונטער
דיר זיינען ווערים אויסגעבעט און דיין צודעק איז
מאָיל.
12 ווי ביזטו פון הימעל אַרונטערגעפאַלען, גלאַנציגער
שטערן, זוהן פון דעם מאָרגען! ווי ביזטו אַרונטער־
געהאַקט געוואָרען צו דער ערד, דו בעזיעגער פון
נאַציאָנען!
13 און דו האָסט אין דיין הערצען געזאָגט: אין הימעל
וועל איך אַרויפגעהן, איבער שטערען פון גאָט וועל
איך מיין טהראָן דערהייבען; און איך וועל זיצען
אויף דעם באַרג פון פערזאַמלונג אין די סאַמע עקען
פון צפון.
14 אַרויפשטייגען וועל איך אויף די הויכקייטען פון
וואָלקען, צו דעם איבערשטען וועל איך גלייך זיין.
15 אבער דו ווערסט אין די אונטערוועלט אַראָבגעשליי־

דערט ווערען, אין די טיעפסטע טיעפעניסען פון דער גרוב.

16 די וועלכע וועלען דיך זעהן — וועלען זיך איינקוקען, וועלען דיך בעטראַכטען (און זאָגען): איז דאָס דער מאַן וועלכער האָט געמאַכט די ערד ציטערען, וועלכער האָט קיניגרייכען אויפגעטרייסעלט?

17 (וועלכער) האָט די וועלט פאַר אַ וויסטעניס געמאַכט און איהרע שטעדט האָט ער צושטערט, (און) פאַר זיינע געפאַנגענע קיינמאָל דאָס געפענקעניס ניט אויפגעמאַכט?

18 אַלע קיניגען פון די נאַציאָנען, אַלע ליעגען אין עהרע איטליכער אין זיין (בעערדיגונגס־) פּלאַץ.

19 אָבער דו ביזט אַרויסגעשליידערט געוואָרען פון דיין גרוב אַזוי ווי אַ שמוציג ריטהעל, אַזוי ווי די קליידונג פון ערמאָרדעטע, דורכ'ן שווערד דערשטאָכענע, וועלכע געהען אַרונטער צו די שטיינער פון גרוב ווי אַ פּגר אַ צוטרעטענער.

20 דו זאָלסט מיט זיי צוזאַמען ניט זיין אין (דיין) בעערדי־גונג, דען דיין לאַנד האָסטו צושטערט, דיין פאָלק האָסטו געטייטעט; ניט אָנגערופען ווערען זאָל אויף אייביג דער קערן פון די שלעכטס־טהוער.

21 גרייט אָן די אויסשלאַכטונג פאַר זיינע קינדער, פאַר די זינד פון זייערע עלטערן, דאַמיט זיי זאָלען ניט

אויפשטעהן און פערנעהמען די ערד ; דאַמיט דאָס
גערזיכט פון דער ערד זאָל מיט שטעדט פול ווערען.
22 און איך וועל זיך אויפשטעלען קעגען זיי, זאָגט דער
גאָט פון אַרמייען ; און איך וועל פון בבל פער־
טיליגען (יעדען) נאָמען און איבערבלייב, זוהן און
איינִיקעל, זאָגט גאָט.
23 און איך וועל זי מאַכען פאַר דאָס אייגענטהום פון דעם
יאָזש, און פאַר וואַסער־זומפען ; און איך וועל זי
אָבקעהרען מיט דעם בעזים פון צושטערונג, זאָגט
דער גאָט פון אַרמייען.
24 געשוואָרען האָט דער גאָט פון ארמייען אזוי : ניט
אַנדערש ווי איך האָב געטראַכט אַזוי וועט עס
געשעהן, און אזוי ווי איך האָב בעשלאָסען אַזוי זאָל
עס פּאַסירען : —
25 צו צוברעכען אשור אין מיין לאַנד, און איך זאָל איהם
אויף מיינע בערג צוטראַמפּלען, און עס זאָל [illegible]־
גענומען ווערען זיין יאָך פון זיי, און זיין לאַסט [illegible]
פון זייער שולטער אָבגעשאַפט ווערען.
26 דאָס איז דער ענטשלוס וועלכער איז ענטשלאָסען
איבער דער גאַנצער ערד, און דאָס איז די האַנד
וועלכע איז אויסגעשטרעקט איבער אַלע פעלקער.
27 דען דער גאָט פון אַרמייען האָט בעשלאָסען און ווער
וועט צונישט מאַכען ? און עס איז זיין האַנד וועלכע
איז אויסגעשטרעקט און ווער וועט זי צוריקהאַלטען ?

28 אין דעם יאָהר פון דעם קיניג אחז׳ טויט איז דער
דאָזיגער פאָרטראַג געווען:

29 פרעה זיך ניט, גאַנץ פלשת, ווייל צובראָכען געוואָרען
איז דער שטעקען פון דיין שלאָגער, דען פון דעם
וואָרצעל פון דער שלאַנג וועט אַרויסקומען אַ גיפטי־
גער עגדעש, און זיין פרוכט וועט זיין אַ פליהענדער
דראַכענשלאַנג.

30 און די ערשט־געבאָרענע פון די אָרעמע וועלען זיך
פיטערען, און די נויטבעדירפטיגע וועלען רוהען אין
זיכערקייט; און דיין וואָרצעל וועל איך מיט הונגער
טויטען, און דיין רעשט וועט מען ערמאָרדען.

31 קלאָג, דו טויער, שריי אויס, דו שטאדט, צוקראָכען
ביזטו (פון שרעק) גאַנץ פלשת, דען פון צפון קומט אַן
אַ רויך, און קיינער פערשפעטיגט ניט אין זיינע
פערזאַמלונגען.

32 און וואָס זאָל מען זאָגען צו די געזאַנדטע פון דער
נאַציאָן (פלשת)? אַז גאָט האָט ציון געגרינדעט און
אין איהר וועלען זיך שיצען די אָרעמע פון זיין פאָלק.

קאפּ. טו.

1 די פּראָפעצייאונג איבער מואב: יא, אין דער נאַכט איז
ער בערויבט געוואָרען, די שטאדט פון מואב איז
פערניכטעט געוואָרען; יא, אין דער נאַכט איז ער

בערויבט געוואָרען, די מויער פון מואב איז פער־
ניכטעט געוואָרען.
2 ער איז אַרויפגעגאַנגען צו זיין (געצענ־) הויז, און דיבון
(איז ארויף) צו די אַלטאַרען, צו יאָמערן; אויף נבו
און אויף מידבא, קלאָגט מואב; אויף אלע זיינע
קעפּ איז אַ פּליך, און יעדער באָרד איז אָבגעשניטען
(אין טרויער).
3 אין זיינע גאַסען האָבען זיי זאַק־קליידער אָנגעגורט,
אויף זיינע דעכער און אויף זיינע מערק קלאָגט
איטליכער, צוגיסט זיך אין טהרערען.
4 און עס שרייט חשבון און אלעלה, ביז יהץ ווערט זייער
שטים געהערט; דרום וואָיען די געוואַפּענטע פון
מואב, זייער זעעל איז זיי בעטריבט.
5 מיין הערץ שרייט פאַר מואב'ן, זיינע אַנטרונענע זיינען
ביז צוער, דער געשטאָפּטער קאַלב (געקומען); יא,
דעם אַרויפגאַנג פון לוחית געהט מען מיט געוויין
אַרויף; יא, אויף דעם וועג פון חרנים העבען זיי
אַ קלאָג פון אונגליק אויף.
6 דען די וואַסערען פון נמרים וועלען פערוויסט ווערען,
יא, פערטריקענט איז דער גראָז, פערניכטעט איז
דאָס גרינס, און קיין קרייטעכץ איז ניטאָ.
7 דרום, יעדען איבערפלוס וועלכען זיי האָבען זיך ערוואָר־
בען, און זייערע מאַגאַזינען, ביי דעם טייך פון די
ווערבעס טראָגען זיי אַוועק.

8 דען דער קלאָג־געשריי האָט אַרומגענומען דעם גרענעץ
פון מואב, ביז אגלים (גרייכט) איהר יאָמער און (ביז)
באר אלים איהר קלאָג.
9 דען די וואַסערען פון דימון זיינען פול מיט בלוט, און
איך וועל נאָך דימון אַ צולאָג געבען: פאַר די וועלכע
רעטען זיך פון מואב — אַ לייב, און פאַר דעם רעשט
— (דעם קבר'ס) ערד.

## קאַפּ. טז.

1 שיקט די שאָף (־צינזען) פון דעם הערשער פון לאַנד,
פון סלע אין דער וויסטע צו דעם באַרג ציון.
2 און עס וועט זיין, אַז ווי אַ פערוואָגעלטער פויגעל, ווי אַ
פערטריבענער נעסט וועלען זיין די טעכטער פון
מואב, דאָרט וואו מען געהט אַריבער די וואַסערען
פון ארנון.
3 ברינג אַ ראַטה, מאַך אַ פּלאַן; פערוואַנדעל אין מיטען
העלען טאָג, דיין שאטען אין נאַכט (און) פאַרבאַרג
די פערשטויסענע; פערראַטה ניט דעם פער־
וואָגעלטען.
4 זאָלען וואָהנען ביי דיר די פערשטויסענע פון מואב,
זיי פאַר זיי אַ בעשיצונג פון דעם רויבער, ביז עס
וועט אויפהערען די גיריגקייט און עס וועט זיך
ענדיגען די רויבעריי (און) עס וועט פערשווינדען
דער אונטערדריקער פון לאַנד.

5 און עס וועט אויפגעשטעלט ווערען אויף גענאָד אַ
טהראָן, און עס וועט זיצען אויף איהם אין וואַהר־
הייט, אין דעם געצעלט פון דוד, אַ ריכטער וועלכער
זוכט דאָס רעכט און איז פלינק צו טהון גערעכטיג־
קייט.
6 מיר האָבען געהערט פון דעם שטאָלץ פון מואב וועלכער
איז זעהר גרויס ביי זיך, פון זיין גאוה, און זיין
שטאָלצקייט און זיין צאָרן און די פאַלשקייט פון
זיינע ליגענס.
7 דרום וועט מואב קלאָגען אויף מואב, יעדער וועט קלאָ־
גען, נאָך די פעסטע מויערען פון קיר חרשת וועט
איהר זיפצען, אין גאַנצען ניעדערגעשלאָגענע.
8 דען די פעלדער פון חשבון זיינען פערוועלקט, דער וויינ־
שטאָק פון שבמה — איהם האָבען די האַררען פון
די נאַציאָנען די צווייגען אַרונטערגעקלאַפּט; זיי
האָבען אַזש ביז יעזר דערגרייכט, אין דער וויסטע
האָבען זיי געבלאָנדזשעט; איהרע צווייגען האָבען
זיך צושפּרייט, איבער דעם ים זיינען זיי אַריבער.
9 דרום אין (מיין) געוויין אויף יעזר בעוויין איך (אויך)
דעם וויינשטאָק פון שבמה; איך וועל דיך מיט מיין
טהרער פייכט מאַכען, חשבון און אלעלה, דען אויף
(די פרוכטזאַמלונג פון) דיין זומער און אויף דיין
שניט איז דער קריעגסגעשריי געפאַלען.
10 און פערשוואונדען איז די פרייד און די לוסטיגקייט

פון די געטריידע־פעלדער, און אין די וויינגערטנער
ווערט ניט געזונגען, ווערט ניט פרעהליך געשריען;
אין די ווייןפּרעסען קעלטערט ניט דער קעלטערער
קיין וויין; איך האָב דעם פרייד־געשריי צושטערט.
11 דרום זיפצען אַזוי ווי אַ האַרף מיינע אינגעווייידען אויף
מואב, און מיין אינערליכקייט — אויף קיר חרש.
12 און עס וועט געשעהן אַז מען וועט זעהן ווי מואב
ווערט מיד נעבען דעם אַלטאַר און ער וועט געהן צו
זיין הייליגטהום צו בעטען, אבער ער וועט (גאָר־
נישט) אויסווירקען.
13 דאָס איז דאָס וואָרט וואָס גאָט האָט גערעדט איבער
מואב פון אַמאָל.
14 און איצט האָט גאָט גערעדט אַזוי צו זאָגען: אין
דריי יאָהר, אַזוי ווי די יאָהרען פון אַ געדונגענעם
ארבייטער, וועט דער שטאָלץ פון מואב מיט אַל־דער
גרויסער פאָלקס־מאַסע זיין געריננגעשעצט; און
דער איבערעשט וועט זיין קליין, ווינציג און פון אַ
קנאַפּען בעטרעף.

קא. יז.

1 די פּראָפעצייאונג איבער דמשק: אָט וועט דמשק
ווערען אויס שטאָדט און זי וועט אין אַ הויפען
רואינען פערוואַנדעלט ווערען.
2 פערלאָזען זיינען די שטעדט פון ערוער, פאַר סטאַדעס

וועלען זיי זיין און זיי (די סטאדעס) וועלען (דאָרט)
לאַגערן און קיינער וועט זיי ניט אָבשרעקען.
3 און עס וועט אויפהערען צו זיין אַ פעסטונג אין אפרים
און אַ קיניגרייך אין דמשק, און דער רעשט פון ארם
וועט זיין אזוי ווי די פראַכט פון ישראל׳ס קינדער,
זאָגט דער גאָט פון אַרמייען.
4 און עס וועט געשעהן אין יענעם טאָג אַז עס וועט
אַרונטערפאַלען דער שטאָלץ פון יעקב און די פעט־
קייט פון זיין לייב וועט איינגעדאַרט ווערען.
5 און עס וועט זיין אַזוי ווי דער שניטער זאַמעלט די
תבואה, און זיין אָרעם שניידט די זאַנגען; און עס
וועט זיין ווי דער וואָס קלייבט זאַנגען אין דעם
טהאָל פון רפאים.
6 און עס וועט דאָרט בלייבען אַ ניט איינגעזאַמעלטער
רעשט, אַזוי ווי ביים אַרונטערקלאַפען פון דעם
איילבערט־ביים: צוויי דריי פרוכטען אויף דעם
שפיץ פון דעם אויבערשטען צווייג, פיער פינף אויף
די עקסטע צווייגען פון אַ פרוכטבאַרען בוים, זאָגט
גאָט דעם האַרר פון ישראל.
7 אין יענעם טאָג וועט זיך דער מענש ווענדען צו זיין
בעשעפער, און זיינע אויגען וועלען צו דעם הייליגען
פון ישראל זורויפקוקען.
8 און ער וועט זיך ניט ווענדען צו די אַלטאַרען וואָס
זיינע הענד האָבען געמאַכט, און וואָס זיינע פינגער

האָבען געשאַפען וועט ער ניט אָנקוקען און (ניט) די געצענבוימער און די זוננ־געטער.

9 אין יענעם טאָג וועלען זיינע פעסטונג־שטעדט זיין ווי אַ פערלאָזען פלאַץ אין אַ וועלדעל און אויף אַ באַרג־שפּיץ, וועלכע זיי (די כנענים) האָבען פערלאָזען צו־ליעב די קינדער פון ישראל, און עס וועט זיין אַ וויסטעניי.

10 ווייל דו האָסט פערגעסען דעם גאָט פון דיין רעטונג, און דעם פעלז פון דיין בעפעסטיגונג האָסטו ניט דערמאָנט, דרום האָסטו שענע פלאַנצונגען איינ־געפלאַנצט און פרעמדע צווייגען האָסטו דאָרט איינ־געזעצט.

11 אבער אין דעם טאג וואָס דו וועסט דיין פלאַנצונג וואַקסען זעהן, און אין דעם מאָרגען וואָס דו וועסט דיין זאַמען זעהן אויפבליהען, וועט אַנטלויפען דער שניט — אין דעם טאָג פון קראַנקהייט און שמערצ־ליכען וועהטאָג.

12 וועה צו דעם טומעל פון די פיעל פעלקער, וועלכע טומלען ווי עס טומעלט דער ים, צו דעם געראויש פון די נאַציאָנען, וועלכע רוישען ווי דער געראויש פון מעכטיגע וואַסערען.

13 די נאַציאָנען וועלען ווי דער געראויש פון די מעכטיגע וואַסערען רוישען, אבער ער וועט אויף איהם אָנ־שרייען און ער וועט אַנטלויפען אין דער ווייט, און

ער וועט געיאָגט ווערען ווי דער שפּריי פון די בערג
פאַר'ן ווינד, ווי אַ שטויב־ווירבעל פאַר'ן שטורעם.
14 קעגען אבענד דאַכט זיך, ס'איז אַ שרעקעניס, און
איידער מאָרגען — איז עס ניט (מעהר) פאַראַן; דאָס
איז די דאָליע פון אונזערע באַרויבערס, און דער שיק־
זאַל פון אונזערע ראַבירערס.

## קאַפּיטעל יח.

1 וועה דעם לאַנד מיט רוישענדע פליגלען, וואָס איז
פון יענער זייט פון די טייכען פון כוש.
2 וואָס שיקט אַרויס אויפ'ן ים געזאַנדטע, און אין ראָהר־
געפלאָכטענע שיפען — (שלוחים) אויפ'ן וואַסער.
געהט איהר שלוחים פלינקע צו דער פעסטער און
שטייפער נאַציאָן, צו דעם שרעקליכען פאָלק ווייט
אַהין; צו דער נאַציאָן וואָס לעגט (אויף אַלץ) אַ מעסט
שנור פון צערשטערונג, וואָס טייכען שניידען דורך
איהר לאַנד.
3 איהר אַלע איינוואוהנער פון דער וועלט און באַוואוה־
נער פון דער ערד, ווען מע וועט אויפשטעלען די
פאָהן אויף די בערג, זאָלט איהר זעהן; און ווען מע
וועט בלאָזען די טראָמפּייט זאָלט איהר הערען.
4 דען אַזוי האָט געזאָגט גאָט צו מיר, איך וועל רוהיג
זיין און איך וועל אַראָפּקוקען פון מיין וואָהנונג־
פּלאַץ, אַזוי ווי די קלאָהרע זונן־וואַרעמקייט אויפ'ן

גראָז, אַזוי ווי אַ טהוי־וואָלקען אין דער היץ פון
שניט־צייט.
5 דען איידער די שניט־צייט, ווען די בליהונג הערט אויף,
און די בליטהע ווערט אין אַ רייף־ ווערענדיגע טרויב
פערוואַנדעלט, וועט ער אַרונטערשניידען די צווייגע־
לעך מיט גאַרטענמעסערס און די (גרעסערע) צווייגען
וועט ער אַראָפּרייסען און אַרונטערהאַקען.
6 פאַר די רויב־פויגלען פון די בערג וועלען זיי איבערגע־
לאָזען ווערען, און פאַר די טהיערען פון דער ערד;
און די רויב־פויגלען וועלען איבערזומערען אויף זיי,
און אַלע טהיערען פון דער ערד וועלען אויף זיי
איבערווינטערען.
7 אין יענער צייט וועט געבראַכט ווערען אַ געשאַנק צו
דעם גאָט פון אַרמייען, פון דעם פעסטען און שטייפען
פאָלק, פון דעם שרעקליכען פאָלק וואָס איז ווייט
אַהינצו, פון דער נאַציאָן וואָס האָט געלעגט (אויף
אַליז) אַ מעסט שנור פון צושטערונג, וואָס די טייכען
שניידען דורך איהר לאַנד — צו דעם פּלאַטץ פון
דעם נאָמען פון דעם גאָט פון אַרמייען, דעם באַרג
פון ציון.

קאַפּיטעל יט.

1 די פּראָפעצייאונג איבער מצרים: אָט, רייט גאָט אויף
אַ פלינקען וואָלקען און ער קומט אין מצרים, און
אויפגעטרייסעלט ווערען וועלען מצרים'ס אָפּגעטער

פאַר איהם, און דאָס הערץ פון מצרים ועט אין זיין
אינגעווייד צוגעהן.
2 און איך וועל אָנרייצען מצרים אויף מצרים און עס
וועט שטרייטען איטליכער מיט זיין ברודער און
איטליכער מיט זיין פריינד, אַ שטאָדט מיט אַ
שטאָדט, און אַ קיניגרייך מיט אַ קיניגרייך.
3 און מצרים׳ס פערשטאַנד וועט אויסגעליידיגט ווערען
און זיינע פלענער וועל איך צומישען און זיי וועלען
זיך פרעגען ביי די געצען און ביי די צויבערער און
ביי די בויכריידערס און ביי די וואהרזאָגערס.
4 און איך וועל איבערגעבען מצרים אין די האַנד פון
גרויזאַמע האַררען, און אַ שטרענגער קיניג וועט
הערשען איבער זיי, זאָגט דער האַרר דער גאָט פון
אַרמייען.
5 און די וואַסערען וועלען אויסטריקענען פון דעם ים,
און דער טייך וועט ליידיג און טרוקען ווערען.
6 און זומפיג וועלען די טייכען ווערען, און איינטריקענען
און אויסליידיגען זיך וועלען די פליסען אַרום די
פעסטונגען; און די טייך־שטעקלעך און די וואַסער
פלאַנצען וועלען פערדאַרט ווערען.
7 די געוויקסען ביים טייך, ביים ברעג פון טייך און אַלץ
וואָס איז פאַרזייעט ביים טייך וועט פערטריקענט
און אַרונטערגעטרייסעלט ווערען און וועט פער־
שווינדען.

8 אין די פישערס וועלען קלאָגען, און עס וועלען טרויערען
אַלע די וואָס וואַרפען אַ ווענדקע אין דעם פלוס; און
די וואָס שפּרייטען אַ נעץ אויפ׳ן וואַסער וועלען זיין
בעטריבט.
9 און פאַרשעמט וועלען ווערען די וואָס אַרבייטען אין
פיינעם פלאַקס, די וועבער פון ווייסען לייווענד.
10 און איהרע פונדאַמענטען וועלען אַרונטערגעקלאַפּט
ווערען, און די דאַמם־בויערס וועלען זיין בעטריבט
אין (זייער) זעעל.
11 בלויז נאַרען זיינען די פירסטען פון צען, די קלוגע
ראַטהגעבער פון פרעה; נאַריש זייער ראַטה; ווי
קענט איהר זאָגען צו פרעה׳ן: איך בין אַ זוהן פון די
קלוגע, אַ זוהן פון די אַלטע קיניגען?
12 וואו זיינען זיי דען דיינע קלוגע? און זאָלען זיי דיר
זאָגען, אויב זיי ווייסען, וואָס דער גאָט פון אַרמייען
האָט אויף מצרים בעשלאָסען.
13 נאַריש געוואָרען זיינען די פירסטען פון צען, בעטראָ־
גען זיינען די פירסטען פון נף; פערפיהרט האָבען
מצרים די ווינקעל־שטיינער פון איהרע שטאַמען.
14 גאָט האָט אין איהר אַריינגעגאָסען אַ גייסט פון צו־
מישטקייט, און זיי האָבען פערפיהרט מצרים אין אַלין
וואָס זי טהוט, אַזוי ווי אַ שכור בלאָנדזשעט
ברעכענדיג.
15 און עס וועט ניט זיין אין מצרים אַ זאַך וועלכע אַ

קאָפּ אָדער אַ ווידעל, אַ פּאַלמצווייג אָדער אַ טייך־
שטעקעל וועט אויפטהאָן.
16 אין יענעם טאָג וועט מצרים זיין אַזוי ווי פרויענצימער,
און ער וועט ציטערען און וועט זיך שרעקען פאַר
דער אויפהעבונג פון דער האַנד פון דעם גאָט פון
אַרמייען, וועלכע ער וועט אויפהעבען אויף איהם.
17 און דאָס לאַנד פון יהודה וועט פאַר מצרים זיין אַ
שרעק־בילד, יעדען וואָס וועט עס פאַר איהם דער־
מאָנען וועט ער מיט שרעק אָנקוקען, צוליעב דעם
בעשלוס פון דעם גאָט פון אַרמייען וואָס ער
בעשליסט איבער איהם.
18 אין יענעם טאָג וועלען אין לאַנד מצרים זיין פינף
שטעדט, וועלכע וועלען רעדען די שפּראַך פון כנען,
און וועלען שווערען ביי דעם גאָט פון אַרמייען; די
שטאָדט פון צושטערונג וועט הייסען איינע.
19 אין יענעם טאָג וועט זיין אַן אַלטאַר פאַר גאָט אין
מיטען פון דעם לאַנד מצרים, און אַ זייל צו גאָט
נעבען איהר גרענעץ.
20 און עס וועט זיין אַ צייכען און אַ צייגניס צו דעם גאָט
פון אַרמייען אין דעם לאַנד פון מצרים: ווען זיי
וועלען שרייען צו גאָט צוליעב די בעדריקערס, דאַן
וועט ער זיי שיקען אַ רעטער און אַ הויפּטמאַן און
ער וועט זיי באַפרייען.
21 און גאָט וועט בעוואוסט ווערען צו מצרים, און די

מצרים וועלען דערקענען גאָט אין יענעם טאָג און
וועלען (איהם) דיענען מיט שלאַכט־אָפּפער און גע־
שאַנק־אָפּפער, און זיי וועלען מאַכען אַ נדר צו גאָט
און וועלען איהם ערפילען.
22 און פלאָגען וועט גאָט מצרים, פלאָגען און היילען;
און ווען זיי וועלען זיך אומקעהרען צו גאָט, דאַן
וועט ער זייער געבעט בעוויליגען און וועט זיי
היילען.
23 אין יענעם טאָג וועט זיין אַ וועג פון מצרים צו אשור;
און אשור וועט קומען אין מצרים, און מצרים וועט
קומען אין אשור; און מצרים וועט דיענען אשור'ן.
24 אין יענעם טאָג וועט ישראל זיין דער דריטער צו
מצרים און אשור — אַ זעגען אינ'ם לאַנד,
25 וועלכען דער גאָט פון אַרמייען האָט געבענשט: גע־
בענשט זאָל זיין מיין פאָלק מצרים, און דאָס ווערק
פון מיינע הענד, אשור, און מיין איינענטהום ישראל.

קאַפּיטעל כ.

1 אין דעם יאָהר ווען תרתן איז געקומען אויף אשדוד
ווען סרגון דער קעניג פון אשור האָט איהם געשיקט,
און ער האָט געשטריטען מיט אשדוד און האָט זי
בעצוואונגען,
2 אין יענער צייט האָט גאָט גערעדט דורך ישעיהו דעם
זוהן פון אמוץ אַזוי צו זאָגען: געה און בינד אָפּ דאָס

זאַק־קלייד פון דיינע לענדען און דיין שוך זאָלסטו
אַראָפּציהען פון דיין פוס ; און ער האָט אַזוי געטהאָן,
נאַקעט און באָרפוס איז ער געגאַנגען.
3 און גאָט האָט געזאָגט : אַזוי ווי מיין קנעכט ישעיהו
איז געגאַנגען נאַקעט און באָרפוס דריי יאָהר אַלס
אַ צייכען און אַ מוסטער פאַר מצרים און פאַר כוש: —
4 אַזוי וועט דער קעניג פון אשור אַוועקפיהרען די געפאַנ־
גענע פון מצרים, און די פערטריבענע פון כוש, יונגע
און אַלטע, נאַקעט און באָרפוס, מיט הוילע הינטענס
— אַ שאַנד פאַר מצרים.
5 און זיי וועלען צושראָקען ווערען, און זיך שעמען מיט
כוש — זייער אויסקוק, און מיט מצרים — זייער
צירונג.
6 און עס וועט זאָגען דער איינוואוהנער פון דעם דאָזיגען
אינזעל אין יענעם טאָג : אָט אַזוי איז אונזער אויס־
קוק, וואָס מיר זיינען געלאָפען דאָרט נאָך הילף, אום
זיך צו רעטען פון דעם קעניג פון אשור, און ווי וועלען
מ י ר דען אַנטרונען ווערען ?

קאַפּיטעל כא.

1 די פּראָפעצייאונג איבער די וויסטע ביי דעם ים :
אַזוי ווי די פארבייגעהענדע דרום־שטורעמס קומט
ער פון דער וויסטע, פון אַ לאַנד אַ שרעקליכען.
2 אַ גרויזאַמע פּראָפעצייאונג איז מיר געזאָגט געוואָרען:

דער פֿעררעטהער פֿעררַאטה, און דער רויבער רויבט;
שטייג ארויף, עילם! בעלאַגער, מדי! איך האָב
געמאַכט אַן ענד צו דער גאַנצער זיפֿצעריי.

3 דרום זיינען מיינע לענדען פֿול מיט אַנגסט, וועהען
האָבען מיך אָנגענומען אַזוי ווי די וועהען פֿון אַ
געווינערין; פֿון (גרוים) קרעמפּפֿען קען איך ניט
הערען, פֿון (גרוים) שרעקעניס קען איך ניט זעהן.

4 מיין הארץ בלאָנדזשעט אים, אַ שוידער האָט מיך דורכ־
געגרוילט, מיין נאַכט פֿון פֿערגעניגען האָט ער אין
אַ שרעקעניס פֿערביטען.

5 גרייט דעם טיש, שטעלט אַוועק די לייכטער, עסט און
טרינקט און (פֿלוצלונג) — שטעהט אויף איהר
פֿירסטען, בעשמירט די שילדען!

6 דען אזוי האָט צו מיר גאָט געזאָגט: געה שטעל אַ
פּיקעט און וואָס ער וועט זעהן זאָל ער זאָגען.

7 און ער וועט זעהן רייט־וועגען, רייטער־געשפּאַנען,
רייטער אויף אייזלען און רייטער אויף קעמלען, און
ער וועט זיך גוט איינהערען, שטאַרק זיך איינהערען.

8 און ער האָט אויסגעשריען (ווי) אַ לייב: אויף גאָט'ס
פּיקעט שטעה איך נאָכאַנאַנד, יעדען טאָג; אויף מיין
וואַך שטעה איך אַלע נעכט.

9 און זעה, עס קומט אַ רייטוואָגען מיט מענשען, רייטער
געשפּאַנען. און ער האָט אויסגערופֿען און האָט
געזאָגט: געפֿאַלען, געפֿאַלען איז בבל; און איהרע

גענצען האָט ער אַרונטערגעשמעטערט צו דער ערד.
10 מיין געדראָשענע, פּרוכט פון מיין דרעש־פּלאַץ! דאָס
וואָס איך האָב פון דעם גאָט פון אַרמייען, דעם האַרר
פון ישראל געהערט, האָב איך אייך דערצעהלט.
11 די פּראָפעצייאונג איבער דומה: צו מיר רופט מען פון
שעיר: וועכטער, וואָס (הערט זיך) פון דער נאַכט?
וועכטער, וואָס (הערט זיך) פון דער נאַכט?
12 און דער וועכטער זאָגט: עס איז געקומען דער מאָר־
גען און אויך די נאַכט; אויב איהר ווילט פרעגען
פרעגט, און קומט ווידער צוריק.
13 אַ פּראָפעצייאונג איבער ערב: אין דעם וואַלד אין ערב
וועט איהר ליגען, איהר קאַראַוואַנען פון דדנים.
14 ברינגט דעם דורשטיגען וואַסער אַנטקעגען; די איינ־
וואוהנער פון דעם לאַנד פון תימא האָבען מיט זייער
ברויט דעם פערטריבענעם אויפגענומען.
15 דען פון די שווערדען זיינען זיי אַנטרונען, פון דעם
אַרויסגעצויגענעם שווערד און פון דעם אָנגעשפּאַנ־
טען בויגען און פון דער שווערער שלאַכט.
16 דען אַזוי האָט גאָט געזאָגט צו מיר: נאָך (אין) איין
יאָהר, אַזוי ווי די יאָהרען פון אַ געדונגענעם אַרביי־
טער, וועט זיך ענדיגען דער גלאַנץ פון קדר.
17 און דער רעשט פון דער צאָהל פון די העלדישע זיהן
פון קדר וועט זיין ווינציג, דען גאָט דער האַרר פון
ישראל האָט גערעדט.

קאַפּיטעל כב.

1 אַ פּראָפּעצייאונג איבער דעם טהאָל פון זעהונג: וואָס
איז דיר דען, וואָס דו ביזט אין גאַנצען אַרויפגעגאַנ־
גען אויף די דעכער?
2 אָ דו גערוישפולע, ליאַרעמדיגע שטאָדט, דו לוסטיגע
הויפּטשטאָדט, דיינע געטויטעטע זיינען ניט דורכ'ן
שווערד געטוידטע, ניט אין שלאַכט ערמאָרדעטע.
3 דיינע פירסטען זיינען ענטלאָפען, זיי זיינען פון די
בויגענשיסערס געפאַנגען גענומען, אַלע וואָס זיינען
אין דיר געפונען געוואָרען זיינען געפאַנגען גענומען
צוזאַמען, די וואָס זיינען פון ווייטען אַהער געלאָפען.
4 דרום האָב איך געזאָגט: קעהרט זיך אָב פון מיר, איך
וועל ביטער וויינען, ניט אַיילט זיך מיך צו טרייסטען,
אויף דאָס אונגליק פון דער טאָכטער פון מיין פאָלק.
5 דען עס איז אַ טאָג פון טומעל, און בעדריקונג און
צומישטקייט, פאַר דעם הארר, דעם גאָט פון
אַרמייען, אין דעם טהאָל פון פּראָפּעצייאונג; די
מויערען ווערען צובראָכען און (מען קעהרט זיך מיט)
וועהגעשריי צו די בערג.
6 און עילם טראָגט זיין פיילען־בייטעל, (ער קומט) מיט
מענער און רייטוועגען און רייטער; און קיר אַנט־
פּלעקט זיין שילד.
7 און עס איז געשעהן אַז די שענסטע טהאָלען דיינע

זיינען מיט רייטוועגען פול און די רייטער האָבען
זיך אויסגעשטעלט קעגען דיין טהויער.
8 און גאָט האָט אויפגעדעקט דעם פאָרהאַנג פון יהודה,
און זי האָט אַ קוק געטהאָן אין יענעם טאָג אויף די
בעוואַפענונג פון דעם הויז פון וואַלד.
9 און די מויערשפּאַלטען פון דער שטאדט דוד האָט איהר
געזעהן, אַז זיי זיינען פיעל ; און איהר האָט צונויפ־
גענומען דאָס וואַסער פון דעם אונטערשטען טייך.
10 און די הייזער פון ירושלים האָט איהר איבער־
געצעהלט, און האָט צובראָכען די הייזער אום די
מויער צו בעפעסטיגען.
11 און אַ וואַסער־זאַמלונג האָט איהר געמאַכט צווישען
די מויערן, פאַר די וואַסערן פון דעם אַלטען טייך; און
אויף דעם וואָס האָט עס געמאַכט האָט איהר זיך ניט
אומגעקוקט, און דעם וואָס האָט עס בעשאַפען פון
לאַנג־אָן האָט איהר ניט געזעהן.
12 און דער האַרר, דער גאָט פון ארמייען, האָט אויס־
גערופען אין יענעם טאָג, פאַר געוויין און קלאָג, פאַר
רייסען פון האאר און אָנגורטען פון זאַק־קליידער.
13 און ס'איז גאָר לוסטיגקייט און פרייד, מען קוילעט
רינדער און מען שלאַכטעט פיה, מען עסט פלייש און
מען טרינקט וויין : לאָמיר עסען און טרינקען, דען
מאָרגען שטאַרבען מיר.
14 און ס'האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיין אויער דער גאָט

פון אַרמייען (און געשוואָרען) : אויב די דאָזיגע זינד
וועט אייך פערגעבען ווערען ביז איהר וועט
שטאַרבען ! זאָגט גאָט דער האַרר פון אַרמייען.
15 אַזוי האָט געזאָגט גאָט, דער האַרר פון אַרמייען :
געה און קום צו דעם דאָזיגען שאַצמייסטער צו
שבנא, וועלכער איז (דער אויפזעהער) איבער'ן
קיניגליכען הויז.
16 וואָס האָסטו דאָ, און ווער ביזטו דאָ, וואָס דו האָסט
זיך דאָ אויסגעהאַקט אַ קבר ? וואָס דו האָסט זיך
אין דער הויך אַ קבר אויסגעהאַקט, און אין פעלז
זיך אַ וואָהנונג אויסגעשניטען ?
17 אָט וועט גאָט דיך מיט אַ שטאַרקען שליידער אַרומ־
שליידערן און ער וועט דיך צוזאַמענוויקלען,
18 און ווי אַ רונדען קנויל צוזאַמענקנוילען (און דיך פער־
וואַרפען) אין אַ לאַנד גערוים אין פלאַטץ ; דאָרטען
וועסטו שטאַרבען און דאָרט וועלען דיינע פּראַכטי־
גע קאַרעטעס זיין, דו שאַנד פון דעם הויז פון דיין
האַרן !
19 און איך וועל דיך אַרונטערקלאַפּען פון דיין שטאַנד,
און פון דיין געשטעל וועט ער דיך אַרונטעררייסען.
20 און עס וועט געשעהן אין יענעם טאָג, אַז איך וועל
רופען מיין קנעכט אליקים, דעם זוהן פון חלקיהו.
21 און איך וועל איהם אָנטהאָן דיין מאַנטעל, און דיין
גאַרטעל וועל איך איהם אָנגורטען, און דיין הערר־

שאַפט וועל איך אין זיין האַנד געבען, און ער וועט
זיין אַ פאָטער פאַר די איינוואָהנער פון ירושלים און
פאַר דאָס הויז פון יהודה.
22 און איך וועל ארויפלעגען דעם שליסעל פון דעם הויז
פון דויד אויף זיין שולטער, און ווען ער וועט עפענען
וועט קיינער ניט צושליסען, און ווען ער וועט צו־
שליסען וועט קיינער ניט עפענען.
23 און איך וועל איהם בעפעסטיגען (ווי) אַ פלעקעל אין
אַ זיכערען פלאַץ, און ער וועט זיין אַ טהראָן פון
עהרע פאַר זיין פאטערס הויז.
24 און אויף איהם וועלען זיך הייגגען דער גאַנצער
שטאָלץ פון זיין פאטער'ס הויז, קינד און קייט, אַלע
קליינע געפעסען; פון די (מעטאַלענע) בעקענס ביז
די (ליימענע) קריג.
25 אין יענעם טאָג, זאָגט דער גאָט פון אַרמייען, וועט
אָבגעטהאָן ווערען דאָס פלעקעל וואָס איז בעפעס־
טיגט אין אַ זיכערען פלאַץ, און וועט אַרונטער־
געהאַקט ווערען און וועט אַנידערפאַלען; און די
לאַסט וואָס איז אויף איהם וועט פערטיליגט ווערען;
דען גאָט האָט גערעדט.

קאפ. כג.

1 די פראָפעצייאונג איבער צר: קלאָגט, איהר שיפען
פון תרשיש; דען ער איז בערויבט, אָהן אַ הויז,

אָהן אַן איינגאַנג; פון דעם לאַנד פון כתים האָט
ער זיך ענטפּלעקט צו זיי.
2 שווייג, דו בעוואָהנערין פון דעם אינזעל־לאַנד: די
קויפלייט פון צידון, די ים־וואַנדערער פלעגען דיך
(אַמאָל) אָנפילען.
3 און איף מעכטיגע וואַסערען (פלעגט קומען) דער זאַמען
פון שיחור; דער (תבואה־) שניט פון דעם טייך איז
איהר איינקונפט געווען, און זי איז געווען דער
מאַרק פון די נאַציאָנען.
4 שעם זיך, צידון; דען געזאָגט האָט דער ים, די
פעסטונג פון ים, אַזוי צו זאָגען: (אַזוי ווי) איך וואָלט
(קיינמאָל) ניט קיין וועהען געהאַט און ניט געבאָרען
און ניט אויפגעהאָדעוועט יונגע מענער און ניט
אויפגעצויגען יונגפרויען (בין איך געוואָרען).
5 אַזוי ווי פון דער נאַכריכט פון מצרים, אַזוי וועט מען
דערשראָקען ווערען פון דער נאַכריכט פון צר.
6 געהט צו תרשיש אַריבער; קלאָגט, איהר איינוואָהנ־
נער פון דעם אינזעל־לאַנד.
7 איז דאָס איך געשעהן (איינוואָהנער) פון דער לוסטי־
גער (שטאדט), וואָס איהר אָנהייב איז אין די טעג
פון אַלטערטהום? איצט ווען איהרע פיס זי
פערטראָגען אין דער ווייט צו וואהנען.
8 ווער האָט דאָס בעשלאָסען איף צר, די שטאדט וועלכע
פלעגט (קיניגען) בעקרוינען? וואָס איהרע קויפלייט

זיינען פירסטען געוועזען, און איהרע האַנדעלס־
פיהרער די געעהרטע פון דער וועלט.
9 דער גאָט פון די אַרמייען האָט עס בעשלאָסען, אום צו
פערשוועכען דעם גלאַנץ פון יעדער ציערונג און צו
ערנידעריגען די געעהרטע פון דעם לאַנד.
10 געה דורך דורך דיין לאַנד ווי אַ שטראָם, טאָכטער
פון תרשיש; עס איז מעהר קיין שטאַרקייט ניט
פאַראַן.
11 ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד איבער'ן ים, ער
האָט קעניגרייכען אויפגעטרייסעלט; גאָט האָט
בעפוילען איבער כנען, צו פערטיליגען איהרע
פעסטונגען.
12 און ער האָט געזאָגט, דו זאָלסט ניט מעהר ווייטער
לוסטיג זיין, דו בערויבטע יונגפרוי, די טאָכטער פון
צידון; שטעה אויף און געה צו כתים אַריבער;
דאָרט וועסטו אויך קיין רוה ניט האָבען.
13 אָט, דאָס לאַנד פון כשדים, דאָס דאָזיגע פאָלק וואָס
איז (קיינמאָל פריהער) ניט געוועזען, וועלכעס (לאַנד)
אשור האָט פאַר די איינוואָהנער פון דער וויסטע
געגרינדעט, זיי האָבען איצט זייערע וואַך־טהורעמס
אויפגעשטעלט, (און) האָבען איהרע פאַלאַצען
צושטערט; זי פאַר אַ רואינע געמאַכט.
14 קלאָגט, איהר שיפען פון תרשיש, דען אייער פעסטונג
איז פערוויסט געוואָרען.

15 און עס וועט געשעהן אין יענעם טאָג, אַז פערגעסען
זיין וועט צר זיעבציג יאהר, אַזוי ווי די טעג פון איין
קיניג; ביים ענד פון זיעבציג יאהר וועט פּאַסירען
מיט צר אַזוי ווי אין דעם געזאַנג פון דער זונה:
16 „נעהם אַ האַרף, דרעה זיך אַרום אין דער שטאדט,
דו פערגעסענע זונה; שפּיעל שען, זינג פיעל,
דאַמיט דו זאָלסט דערמאָהנט ווערען.“
17 און עס וועט געשעהן ביים ענד פון זיעבציג יאהר,
וועט גאָט זיך עראינערן אָן צר און זי וועט צוריק־
קומען צו איהר ליעבעס־לויהן און זי וועט פיהרען
ליעבעס מיט אַלע קיניגרייכען פונ'ם לאַנד אויף דער
גאַנצער ערד.
18 און איהר האַנדעל און איהר ליעבעס־לויהן וועט זיין
הייליג צו גאָט; ער וועט ניט אין אַ שאַפּ געזאַמעלט
און ניט בעהאַלטען ווערען, נור צו די וועלכע זיצען
פאַר גאָט וועט איהר האַנדעל געהערען, צו עסען
ביז זאַט און פאַר פּרעכטיגע קליידונג.

קאַפּ. כד.

1 אָט, לעדיגט אויס גאָט דאס לאַנד און פערוויסט עס און
פערקרימט זיין (דעם לאַנדס) געזיכט און צושפּרייט
זיינע איינוואָהנער.
2 און עס וועט געשעהן מיט'ן פאָלק ווי מיט'ן פּריעסטער,
מיט'ן קנעכט ווי מיט זיין האַרר, מיט דער דיענסט

ווי מיט איהר האַרינטע, מיט'ן קויפער ווי מיט דעם
פערקויפער, מיט דעם וואָס פערלייהט ווי מיט דעם
וואָס לייהט, מיט דעם וואָס באָרגט ווי מיט דעם
וואָס באָרגט איהם.
3 לעדיג אויסגעלעדיגט ווערט ווערען דאָס לאַנד, בערויבט
און אויסגערויבט, דען גאָט האָט גערעדט דאָס
דאָזיגע וואָרט.
4 עס טרויערט און עס וועלקט די ערד; עס פערשמאַכט
און עס וועלקט די וועלט, עס שמאַכטען די געהויבענע
פון דעם פאָלק פון לאַנד.
5 דען די ערד איז זינדיג געוואָרען אונטער איהרע איינ־
וואָהנער, דען זיי האָבען אַריבערגעטרעטען די
לעהרען, פערנאַכלעסיגט דאָס געזעץ און געבראָכען
דעם אייביגען בונד.
6 דרום האָט אַ פלוך פערצעהרט דאָס לאַנד, און די וואָס
וואָהנען אין איהם ליידען זייער שולד; דרום זיינען
איינגעטריקענט די בעוואָהנער פון דער ערד, און
(בלויז) אַ הייפעל מענשען איז געבליבען.
7 עס טרויערט דער פרישער וויין, עס שמאַכט דער וויינ־
שטאָק, עס זיפצען די הערצענסלוסטיגע.
8 פערשטערט געוואָרען איז די פרעהליכקייט פון די
צימבלען, אויפגעהערט האָט דער ליאַרעם פון די
לוסטיגע; פערשטערט געוואָרען איז די פרעהליכ־
קייט פון דער האַרץ.

9 זיי טרינקען (ניט מעהר) וויין מיט געזאַנג, ביטער איז
דער שטאַרקער געטראַנק פאַר זיינע טרינקער.
10 צובראָכען איז די וויסטע שטאדט, פערשלאָסען איז
יעדע הויז, אָהן אַן איינגאַנג.
11 מען קלאָגט אויפ'ן וויין אין די גאַסען, פערדונקעלט
געוואָרען איז יעדע פרייד; פערוואָגעלט איז די
לוסטיגקייט פון דעם לאַנד.
12 אין דער שטאדט איז געבליבען פערוויסטונג, אויף
רואינען איז דער טויער צוקלאַפּט.
13 דען אַזוי וועט עס זיין אין דעם לאַנד, צווישען די
פעלקער: אַזוי ווי ביים אַרונטערקלאַפּען פון דעם
איילבערט־בוים, אַזוי ווי די איבערגעבליבענע
(טרויבען) ווען עס ענדיגט זיך די טרויבען זאַמלונג.
14 אָט זיי וועלען אויפהייבען זייער שטים; זיי וועלען
זינגען; צוליעב דער פראַכט פון גאָט וועלען זיי
מיט פרייד אויסשרייען פון אויפ'ן ים.
15 דרום גיט אָב עהרע צו גאָט אין די מזרח־געגענדען,
אויף די אינזלען פון ים — צו דעם נאָמען פון גאָט,
דעם האַרר פון ישראל.
16 פון דעם זוים פון דער ערד האָבען מיר געזאַנגען
געהערט: „פרעכטיגקייט צו דעם גערעכטען!“ און
איך האָב געזאָגט: וויסט איז מיר, וויסט איז מיר!
וועה מיר, די פעררעטהער האָבען פערראַטהען, די
פעררעטהער האָבען פעררעטהעריש פערראַטהען.

17 אַ שרעקעניס און אַ גרוב און אַ נעץ איז אויף דיר,
דו בעוואָהנער פון דעם לאַנד.
18 און עס וועט געשעהן, אַז דער וואָס וועט אַנטרינען פון
דער שטים פון שרעק וועט אריינפאַלען אין די גרוב
און דער וואָס וועט ארויסגעהן פון דער גרוב וועט
געפאַנגען ווערען אין דעם נעץ, דען די פענסטער
פון אויבען זיינען געעפענט געוואָרען און די פונדאַ־
מענטען פון דער ערד האָבען זיך צוטרייסעלט.
19 צוקלאַפּט און צושמעטערט איז די ערד, אויף ברעקלעך
צוברעקעלט איז די ערד, אויפגעטרייסעלט און
צוטרייסעלט איז די ערד.
20 וואַקלענדיג שאָקעלט זיך די ערד, אַזוי ווי אַ שכור,
און זי וואַרפט זיך אַזוי ווי אַ נאַכט־ביידעל; און
שווער דריקט אויף איהר איהר פערברעכען, און זי
וועט פאַלען און וועט ניט מעהר אויפשטעהן.
21 און עס וועט געשעהן, אַז אין יענעם טאָג וועט גאָט
בעשטראָפען די הויכע אַרמייען אין דער הויך, און
די קיניגען פון דער ערד אויף דער ערד.
22 און זיי וועלען צוזאַמען איינגעזאַמעלט ווערען ווי
געפאַנגענע אין דער געפענגניס־גרוב, און זיי וועלען
אין פעסטונג פערשלאָסען ווערען און (ערשט) נאָך
אַ לאַנגע צייט וועלען זיי ווידער דערמאָנט ווערען.
23 און די לבנה וועט רויט ווערען און די זונן וועט פער־
שעמט ווערען, דען דער גאָט פון אַרמייען קיניגט

אויף דעם באַרג ציון און אין ירושלים און איז פאַר
זיינע עלטסטע א פּרעכטיגקייט.

קאַפּ. כה.

1 אייביגער, מיין גאָט ביזטו ; ערהעבען וויל איך דיך,
לויבען וועל איך דיין נאָמען, דען וואונדער האָסטו
אויפגעטהאָן ; די בעשלוסען (דיינע) פון לאַנג צוריק
זיינען געטריי און ריכטיג.
2 דען דו האָסט געמאַכט פון א שטאדט אַ היפען (פון
רואינען), אַ בעפעסטיגטע היפּט־שטאדט פאַר אַן
איינגעפאַלענע רואינע. די פּאַלאַצען פון די באַר־
באַרען זיינען אויס שטאדט געוואָרען ; אויף אייביג
וועלען זיי ניט (ווידער) אויפגעבויט ווערען.
3 דרום גיט דיר אָב עהרע דאָס מוטהיגע פאָלק, די
שטאָדט פון די מעכטיגע נאַציאָן שרעקט זיך פאַר
דיר.
4 דען דו ביזט געוועזען א פעסטונג פאַר דעם ניטבעדירפ־
טיגען, פאַר דעם אָרעמאַן — ווען ער איז בעדריקט ;
אַ בעשיצונג פון גוס־רעגען, אַ שאָטען פון היץ ; דען
דער אָטהעם פון די טיראַנען איז ווי אַ גוס־רעגען
אַקעגען אַ וואַנד.
5 אַזוי ווי די היץ אין אַ טרוקענעם לאַנד, ווערסטו דעם
טומעל פון די באַרבאַרען בעצווינגען ; (אַזוי ווי) די
היץ (ווערט בעזיעגט) פון אַ וואָלקען־שאָטען, ווערט

דער געזאַנג פון די טיראַנען אונטערדריקט ווערען.
6 און דער גאָט פון אַרמייען וועט מאַכען פאַר אַלע פעל־
קער אויף דעם דאָזיגען באַרג אַ מאָהלצייט פון פעטע
שפייזען, אַ מאָהלצייט פון הייוועןֿוויינען; פון
פעטע שפייזען מיט מאַרך, פון הייוועןֿוויינען
געלייטערטע.
7 און גאָט וועט אַרונטעררייסען אויף דעם דאָזיגען
באַרג די דעקע, וועלכע פערדעקט אַלע פעלקער, און
דעם שלייער, וועלכער פערשלייערט אַלע נאַציאָנען.
8 ער וועט דעם טויט אויף אייביג פערניכטען און ער
וועט אָבווישען די טהרער פון יעדען געזיכט, און
די שאַנד פון זיין פאָלק וועט ער אָבשאַפען פון דער
גאַנצער ערד; דען אַזוי האָט גאָט גערעדט.
9 און מען וועט זאָגען אין יענעם טאָג: אָט איז אונזער
גאָט, דער וואָס מיר האָבען געהאָפט צו איהם ער
זאָל אונז העלפען, דער גאָט וואָס מיר האָבען צו
איהם געהאָפט; לאָזען מיר לוסטיג זיין און זיך
פרעהען מיט זיין הילף.
10 דען די האַנד פון גאָט וועט רוהען אויף דעם דאָזיגען
באַרג, און מואב וועט אויף זיין פּלאַץ צוטראַמפּעלט
ווערען ווי עס ווערט צוטראַמפּעלט דער שטרוי אין
דער מיסט־לוזשע.
11 און ער וועט דעריין זיינע הענד אויסשפּרייטען, אזוי
ווי עס שפּרייט אוים דער שווימער צום שווימען;

אָבער ער (גאָט) וועט אַרונטערבייגען זיין שטאָלץ (צו־
זאַמען) מיט די געלענקען פון זיינע הענד.

12 און די בעפעסטיגונג פון דיינע שטאַרקע מויערן וועט
ער אַרונטערבייגען און ניעדריג מאַכען; ער ברינגט
זי ביז צו דער ערד, ביז צו דעם שטויב.

## קאַפּ. כו.

1 אין יענעם טאָג וועט דאָס דאָזיגע ליעד געזונגען ווערען
אין לאַנד יהודה: אַ שטאַרקע שטאָדט האָבען מיר;
די הילף וואָס ער שאַפט, איז ווי מויערען און ווי
אַ פעסטונג.

2 עפענט די טהויערען און זאָל אַריינקומען דאָס גערעכטע
פאָלק, דער היטער פון וואַהרהייט.

3 דאָס געמיטה וואָס האָט צוטרוי ווערסטו פערהיטען אין
רוהיגען פריעדען; ווייל עס האָט זיך פערלאָזען
אויף דיר.

4 פערלאָזט זיך אויף גאָט ביז אייביגקייט, דען גאָט דער
האַרר איז אַן אייביגער פעלז.

5 דען ער האָט אַרונטערגעבייגען די וואָס וואָהנען אין
דער הייך; די שטאָלצע פעסטונג, זי מאַכט ער
נידעריג; ער מאַכט זי נידעריג ביז צו דער ערד;
ער ברינגט זי ביז צו דעם שטויב.

6 טראַמפּלען איהר וועט דער פוס, דער פוס פון די
אָרעמע, די טריט פון די נויטבעדערפטיגע.

7 דער וועג פאר דעם גערעכטען איז גלייך ; אַ גלאַטען
שטעג טרעטסטו אויס פאַר דעם גערעכטען.
8 יא, אויף דעם וועג פון דיין גערעכטיגקייט, אָ גאָט,
האָבען מיר געוואַרט אויף דיר, נאָך דיין נאָמען און
נאָך דיין אַנדענק איז דער בעגעהר פון אונזער זעעלע.
9 אין מיין זעעלע האָב איך געשמאַכט נאָך דיר ביי נאכט;
יא, מיט דעם גייסט אין מיר זוך איך דיך ; דען ווען
דיינע גערעכטיגע אורטהיילען (קומען) אויף דער
ערד, לערנען גערעכטיגקייט די איינוואָהנער פון
דער וועלט.
10 ווען דער שלעכטער ווערט פערשוינט, לערנט ער ניט
קיין גערעכטיגקייט ; אין דעם לאַנד פון עהרליכ־
קייט בעגעהט ער אונרעכט און זעהט ניט די
ערהאַבענהייט פון גאָט.
11 גאָט, הויך איז דיין האַנד און זיי זעהען ניט ; זאָלען
זיי זעהען און זיך שעמען, ווי דו נעהמסט זיך אָן
פאַר דאָס פאָלק ; אַ פייער־צאָרן זאָל פערצעהרען
זיי — דיינע פיינד.
12 גאָט, דו וועסט אונז שענקען פריעדען ; דען אַלע
אונזערע אויפטהוען האָסטו דאָך פאַר אונז אויס־
געפיהרט.
13 גאָט, אונזער האַרר, עס האָבען איבער אונז געוועל־
טיגט הערשער אויסער דיך ; אבער בלויז דיך
דערמאָנען מיר (און) דיין נאָמען.

14 טויט זיינען זיי, זיי וועלען ניט (מעהר) לעבעדיג
ווערען; געשטאָרבען זיינען זיי, זיי וועלען ניט
אויפשטעהן, ווייל דו האָסט געשטראָפט און זיי פער־
טיליגט, און זייער יעדען אַנדענק פערניכטעט.
15 דו האָסט פערמעהרט די נאַציאָנען, אָה גאָט, דו האָסט
פערמעהרט די נאַציאָנען, דו האָסט זיך פערעכטיג
אַרויסגעוויזען; דו האָסט ווייטער געריקט אַלע
גרענעצען פון דעם לאַנד.
16 גאָט, אין ליידען האָבען זיי דיך דערמאָנט; זיי
האָבען אויסגעגאָסען זייער געבעט ווען דיין שטראָף
(איז געווען) אויף זיי.
17 אַזוי ווי אַ שוואנגערע פרוי ווען זי איז נאָהענט צו
געווינען, האָט וועהען און שרייט אין איהרע וועה־
טאָגען, אַזוי זיינען מיר געווען פאַר דיר, אָ גאָט.
18 מיר האָבען געשוואַנגערט, מיר האָבען וועהען געהאַט,
(און) אזוי ווי מיר וואָלטען ווינד געבאָרען; מיר
קענען ניט אויסווירקען קיין הילף אויף דער ערד;
און עס פאַלען ניט אַרונטער די בעוואָהנער פון דער
וועלט.
19 דיינע טויטע וועלען אויפלעבען, אויפשטעהן וועלען
מיינע טויטע קערפערס; ערוואַכט, און זינגט, איהר
בעוואָהנער פון שטויב; דען אַזוי ווי דער טהוי אויף
די גראָזען איז דיין טהוי, און די ערד וועט די טויטע
אַרויסגעבען.
20 געה מיין פאָלק, געה אריין אין דיינע צימערען און

פערשלים דיינע טהירען הינטער דיר; בעהאַלט זיך
אַ קליין ווײילע ביז דער צאָרן וועט פאַרבייגעהן.

21 דען גאָט געהט אַרויס פון זיין פּלאַטץ צו בעשטראָפען
דעם בעוואָהנער פון דער ערד פאַר זיין זינד; און
די ערד וועט אַנטפּלעקען איהר בלוט און וועט ניט
מעהר פערדעקען איהרע ערמאָרדעטע.

## קאפּ. כז.

1 אין יענעם טאָג וועט גאָט בעשטראָפען מיט זיין שווערד
דעם האַרטען, און דעם גרויסען, און דעם מעכטיגען,
דעם לויתן די פלינקע שלאַנג, און דעם לויתן די
קרומע שלאַנג, און ער וועט טייטען דעם קראָקאָדיל
וואָס אין ים.

2 אין יענעם טאָג זינגט צו איהר: זאַפטיגער ווײנ־
גאָרטען!

3 „איך, גאָט, היט איהם; יעדען אויגענבליק טרינק איך
איהם אָן; דאַמיט מען זאָל איהם ניט שאדען טהון,
היט איך איהם ביינאַכט און בייטאָג.

4 „קיין צאָרען האָב איך ניט; (דאָך) ווער וועט קענען
מיר דערנער און ווילדע געוויקסען אין קאַמפף שטעל־
לען? איך וועל צו זיי צוטרעטען און איך וועל זיי
אָנצינדען (אַלע) צוזאַמען.

5 „ווען ער וואָלט נור זיך אָנהאַלטען אָן מיין שטאַרקייט,

און וואָלט מיט מיר פריעדען מאַכען, פריעדען מאַכען
מיט מיר!

6 אין די קומענדיגע (טעג) וועט יעקב זיך איינוואָרצלען,
און ארויסשפּראָצען און אויפבליהען וועט ישראל
און די גאַנצע וועלט וועט פול ווערען מיט פרוכט.

7 האָט ער איהם אזוי ווי ער האָט זיין שלאָגער געשלאָ־
גען? איז ער מיט דערזעלביגער טויטונג ווי זיינע
טויטער געטויט געוואָרען.

8 אין דעם פולסטען מאָס (פון צאָרן) האָסט איהם מיט
פערשטויסונג בעשטראָפט; ער האָט איהם אַוועק־
געשלעפּט מיט זיין געוואַלטיגען שטורעם, אין דעם
טאָג פון מזרח־ווינד.

9 אָבער בלויז דורך דעם וועט פערגעבען ווערען די זינד
פון יעקב; און דאָס וועט זיין בלויז די פרוכט פון
דער אָבשאַפונג פון זיינע זינד; ווען ער וועט מאַכען
אַלע שטיינער פון אַלטאַר אַזוי ווי צוהאַקטע קאַלך־
שטיינער, (און) עס וועלען ניט אויפגעשטעלט זיין
קיין געצענבוימער און קיין זון־אָבגעטער.

10 דען די בעפעסטיגטע שטאדט וועט זיין איינזאַם, דער
בעוואָהנטער פּלאַץ וועט ווערען איסגעלעדיגט אין
פערלאָזען ווי אַ וויסטעניי; דאָרט וועט פיטערען
דאָס קאַלב, דאָרט וועט עס רוהען און וועט איהרע
צווייגען פערניכטען.

11 ווען איהרע צווייגען וועלען פערדאַרט ווערען, וועלען

זיי אויסגעריסן). — ו. שטעלט אוועקגעלאָזט — שייך צום עברי, (תהלים ...

זיי אהונטערגעבראָכען ווערען; פרויען וועלען קומען
(און) וועלען זיי אָנצינדען; דען אַ פאָלק אָהן פער־
שטאַנד איז עס. דרום וועט זיך ניט דערבאַרעמען
אויף איהם זיין בעשעפער, און דער וואָס האָט איהם
געפורעמט וועט איהם ניט פערשוינען.
12 און עס וועט געשעהן, אז אין יענעם טאָג וועט גאָט
אַרונטערקלאַפען (די פרוכט) אַזש פון דעם שטראָם
פון טייך, ביז דעם פלוס פון מצרים; און איהר וועט
אויפגעקליבען ווערען איינער צו איינעם, איהר
קינדער פון ישראל.
13 און עס וועט געשעהן, א אין יענעם טאָג וועט געבלאָ־
זען ווערען אין אַ גרויסען טראָמפּייט, און עס וועלען
קומען די פערלאָרענע פון לאַנד אשור און די פער־
שטויסענע פון לאַנד מצרים; און זיי וועלען זיך
בוקען צו גאָט אויף דעם הייליגען באַרג אין ירושלים.

קאפּ. כח.

1 וועה צו דער שטאָלצער קרוין פון אפרים'ס בעטרונקענע
און צו דער פערוועלקטער בליהונג פון זיין שענער
פראַכט; צו די וויין־פערטומעלטע אויף דעם שפּיץ
פון דעם פעטען טהאל.
2 דען שטאַרק און מעכטיג (קומט עס) פון גאָט אַזוי ווי
אַ האָגעל־וועטער, אַ פערניכטענדער שטורעם; ווי
דער שטראָם פון מעכטיגע פלייצענדע וואַסערען וועט

ער (זיי) מיט געוואַלט אויף דער ערד אַנידערוואַרפען.
3 מיט די פיס וועט זי צוטראָמפּעלט ווערען — די
שטאָלצע קרוין פון אפרים׳ס בעטרונקענע.
4 און אַ פערוועלקטע בליהונג וועט זיין די שענע פּראַכט
זיינע אויף דעם שפּיץ פון פעטען טהאָל; אַזוי ווי
אַן ערשטלינג־פרוכט (לאַנג) איידער (עס קומט) די
צייט פון אַרומקלייבען, וועלכע דער צושויער דער־
זעהט, (און) קוים איז זי אין זיין האַנד פערשלינגט
ער זי.
5 אין יענעם טאָג וועט דער גאָט פון אַרמייען זיין אַ קרוין
פון פּראַכט און אַ קראַנץ פון שענהייט פאַר די
איבערגעבליבענע פון זיין פאָלק.
6 און אַ גייסט פון גערעכטיגקייט פאַר דעם וואָס זיצט
אויפ׳ן געריכט, און אַ שטאַרקייט פאַר די וואָס
ברינגען דעם קריעג צוריק צו די טהויערען (פון דעם
פיינד).
7 און אויך די שטרויכלען זיך פון וויין און בלאָנדזשען
אַרום פון שטאַרקען געטראַנק; דער פּריסטער און
דער פּראָפעט שטרויכלען זיך פון שטאַרקען געטראַנק,
צוטומעלט זיינען זיי פון וויין; זיי בלאָנדזשען פון
שטאַרקען געטראַנק, און זיי אירען זיך אין דער
(פּראָפעטישער) זעהונג, זיי וואַקלען זיך אין דעם
געריכט־אורטהייל.
8 דען אַלע טישען זיינען פול מיט אָנגעמקיא׳טען שמוץ,

עס איז מעהר קיין (ריינער) אָרט ניטאָ.
9 וועמען זאָל ער לערנען קענטעניס? וועמען זאָל ער
געבען צו פערשטעהן די לעהרע? די וועלכע זיינען
פון דער מילך ענטוועהנט, די וועלכע זיינען פון דער
ברוסט אװעקגענומען?
10 בלויז א געבאָט צו אַ געבאָט, א געבאָט צו אַ געבאָט;
אַ שטריך צו אַ שטריך, אַ שטריך צו א שטריך;
אַביסעל דאָ, אַביסעל דאָרט.
11 דען (אַזוי ווי) מיט שטאַמעלדיגע ליפען און אויף אַ
פרעמדער שפראַך מוז מען רעדען צו דעם דאָזיגען
פאָלק.
12 ווען ער האָט צו זיי געזאָגט: דאָס איז די רוה, לאָזט
דעם מידען זיך אָברוהען; און דאָס איז די בערוהי־
גונג. האָבען זיי ניט געוואָלט זיך איינהערען.
13 דרום וועט זיין גאָט'ס וואָרט צו זיי אַ געבאָט
צו אַ געבאָט, אַ געבאָט צו אַ געבאָט, אַ שטריך
צו אַ שטריך, אַ שטריך צו אַ שטריך, אַ בי־
סעל דאָ, אַ ביסעל דאָרט, דאַמיט זיי זאָלען
געהן און געשטרויכעלט ווערען הינטערוועלעך, און
זיי זאָלען צובראָכען ווערען און אַריינפאַלען אין
פאַסטקע און געפאַנגען ווערען.
14 דרום הערט דאָס וואָרט פון גאָט, איהר שפּאָטענדע
מענער, איהר הערשער פון דעם דאָזיגען פאָלק וואָס
איז אין ירושלים;

15 ווייל איהר האָט געזאָגט: „מיר האָבען מיט דעם
טויט אַ בונד געשלאָסען, און מיט דער אונטערוועלט
האָבען מיר אַן אָפּמאַך געמאַכט; די איילענדע
שטראָף־רוטה, ווען זי וועט דורכגעהן, וועט צו אונז
ניט צוקומען, דען מיר האָבען פאַלשקייט געמאַכט
פאַר אונזער בעשיצונג, און מיר האָבען זיך אין ליגען
פערבאָרגען.
16 דרום זאָגט אַזוי גאָט, דער האַרר: אָט לעג איך אין
ציון אַ שטיין, אַן אויספּרובירטען שטיין, אַ טהייערען
פונדאַמענט, פעסט געגרינדעט; דער וואָס גלייבט
זאָל (נאָר) ניט אונגעדולדיג זיין.
17 און איך וועל מאַכען גערעכטיגקייט פאַר מיין בוי־
שנור, און עהרליכקייט פאָר מיין בליי־געוויכט; און
דער האָגעל וועט אַוועקקעהרען די בעשיצונג פון
בעטרוג, און דאָס באַהעלטעניס (זייערס) וועלען די
וואַסערען אַוועקשווענקען.
18 און צושטערט וועט ווערען אייער בונד מיט דעם טויט,
און אייער אָבמאַך מיט דער אונטערוועלט וועט ניט
בעשטעהן; ווען די איילענדע שטראָף וועט דורכ־
געהן, וועט איהר פון איהר צוטראָמפּעלט ווערען.
19 ווען נאָר זי וועט דורכגעהן וועט זי אייך אָנכאַפּען;
דען מאָרגען פאַר מאָרגען וועט זי דורכגעהן; ביי־
טאָג און ביינאַכט; און עס וועט זיין א שרעק בלויז
צו הערען די נאַכריכט.

20 דען דאָס געלעגער וועט צו קורץ זיין אום זיך אויסצו־
ציהען, און די דעקע צו ענג אום זיך איינצוהילען.
21 דען אזוי ווי אויף דעם באַרג פּרצים וועט זיך גאָט
אויפשטעלען; אזוי ווי אין טהאָל גבעון וועט ער
צאָרניג אויפשטעהן צו טהון זיין ווערק, זיין משונה־
דיג ווערק; צו פערריכטען זיין אַרבייט, זיין זאָנ־
דערבאַרע אַרבייט.
22 און אַצונד זאָלט איהר ניט שפּאָטען, דאַמיט אייערע
פּענטעס זאָלען ניט נאָך שטאַרקער ווערען, דען אַ
פערניכטונג און א פעסט־בעשלאָסענע, האָב איך
געהערט פון גאָט, דעם האַרר פון אַרמייען,
איבער דער גאַנצער ערד.
23 האָרכט איין און הערט מיין שטים, פערנעהמט און
הערט צו מיינע רייד.
24 אַקערט דען אַ גאַנצען טאָג דער אַקערמאַן אום צו
זעען, און גראָבט ער און בראָנעוועט זיין ערד (נאָכ־
אנאנד)?
25 איז עס ניט אַזוי, אַז ווען ער האָט איהר געשטאַלט
אויסגעגלייכט, צושפּרייט ער אַניס־קערנער, און
קימעל וואַרפט ער אויס, און טהוט רייהענווייז דעם
ווייץ אַריין, און די גערשטען אויף דעם בעצייכענטען
(אָרט), און הירז אויף זיין בעשטימטען פּלאַטץ?
26 (אַזוי נאָכדעם ווי) ער האָט איהם מיט גערעכטיגקייט
געשטראָפט, לעהרענט איהם זיין גאָט.

27 געווים, ניט מיט אַ דרעש־פלעגעל ווערט דער אַניס
געדראָשען, און דער ראָד פון אַ וואָגען ווערט ניט
אויף קימעל געקייקעלט; בלויז מיט אַ שטעקען
ווערט אַניס געקלאַפּט, און קימעל מיט אַ שטאָק.
28 ברויט־תבואה ווערט געשטויסען, אָבער ניט אייביג
האַלט מען זי אין דרעשען; און כאָטש ער טרייבט
איבער איהר דעם ראָד פון זיין וואָגען און זיינע פערד,
וועט ער זי ניט צושטויסען (אין גאַנצען).
29 דאָס אויך איז פון דעם גאָט פון אַרמייען געקומען,
וואונדערבאַר איז ער אין בעשלוס, גרויס אין אויפ־
טהאָן.

## קאפיטעל כט.

1 וועה, אריאל, אריאל*), שטאָדט וואו דוד האָט גערוהט;
לעגט צו יאָהר אויף יאָהר, לאָזען די פייערטעג זיך
אַרומקרייזען.
2 און איך וועל בעדריקען אריאל*); און עס וועט זיין אַ'ן
אָכצען און אַ קרעכצען; און זי וועט זיין פאַר מיר
אַזוי ווי אריאל (אַן אָפּפער־פלאַטין).
3 און איך וועל דיך רונד אַרום בעלאַגערען און איך וועל

*) „לייב פון גאָט", אַזוי האָט זיך גערופען דער מזבח
צוליעב די אָפּפער וועלכע ער פלעגט פערצעהרען, און מיט דעם
נאָמען פלעגט מען אויך רופען דעם באַרג ציון.

אַוועקשטעלען קעגען דיך אַ מיליטער־וואַך, און וועל
אויפשטעלען אַרום דיך בעלאַגערונג־פעסטונגען.
4 און דו וועסט זיין נידעריג, פון דער ערד וועסטו ריידען,
פונ׳ם שטויב וועלען קומען דיינע ווערטער; און אַזוי
ווי פון אַ גייסט, פון דער ערד וועט זיין דיין שטים,
און פונ׳ם שטויב וועלען פיפּצען דיינע רייד.
5 און עס וועט זיין ווי א דינער שטויב, די מחנה פון דיינע
פיינד; און אַזוי ווי אַ פערבייגעהענדער שפּריי — די
מחנה פון די טיראַנען; און עס וועט געשעהן פּלוצ־
לינג, אומגעריכט.
6 פון דעם גאָט פון אַרמייען וועט קומען דיין שטראָף, מיט
דונער און מיט ערדציטערנים און מיט גרויס געפּיל־
דער; מיט שטורעם און זאַווערוכע און פערצעהרענ־
דער פלאַם־פייער.
7 און אַזוי ווי דער טרוים פון אַ נאַכט־זעהונג וועט זיין
די מחנה פון די אַלע נאַציאָנען וועלכע געהען אויף
קריעג קעגען אריאל, און אַלע די וואָס קעמפּפען
קעגען איהר, און דער בעלאַגערונגער־טהורעם קעגען
איהר, און די וואָס בעדריקען זי.
8 און עס וועט זיין, אַזוי ווי עס טרוימט דער הונגעריגער
אַז אָט ער עסט, און ער כאַפּט זיך אויף און זיין לייב איז
גאָר ליידיג; און ווי עס טרוימט דער דורשטיגער אַז
אָט ער טרינקט און ער כאַפּט זיך אויף און ער איז
גאָר פערשוואַכט און זיין זעעלע איז פערשמאַכט —

9 זיי טרינקען (ניט מעהר) וויין מיט געזאַנג, ביטער איז
דער שטאַרקער געטראַנק פאַר זיינע טרינקער.
10 צובראָכען איז די וויסטע שטאדט, פערשלאָסען איז
יעדע הויז, אָהן אַן איינגאַנג.
11 מען קלאָגט איף'ן וויין אין די גאַסען, פערדונקעלט
געוואָרען איז יעדע פרייד; פערוואָגעלט איז די
לוסטיגקייט פון דעם לאַנד.
12 אין דער שטאדט איז געבליבען פערוויסטונג, אויף
רואינען איז דער טויער צוקלאַפּט.
13 דען אַזוי וועט עס זיין אין דעם לאַנד, צווישען די
פעלקער: אַזוי ווי ביים אַרונטערקלאַפּען פון דעם
אייל־בערט־בוים, אַזוי ווי די איבערגעבליבענע
(טרויבען) ווען עס ענדיגט זיך די טרויבען זאַמלונג.
14 אָט זיי וועלען אויפהייבען זייער שטים; זיי וועלען
זינגען; צוליעב דער פּראַכט פון גאָט וועלען זיי
מיט פרייד אויסשרייען פון אויפ'ן ים.
15 דרום גיט אָב עהרע צו גאָט אין די מזרח־געגענדען,
אויף די אינזלען פון ים — צו דעם נאָמען פון גאָט,
דעם האַרר פון ישראל.
16 פון דעם זוים פון דער ערד האָבען מיר געזאַנגען
געהערט: „פרעכטיגקייט צו דעם גערעכטען!“ אין
איך האָב געזאָגט: וויסט איז מיר, וויסט איז מיר!
וועה מיר, די פעררעטהער האָבען פערראַטהען, די
פעררעטהער האָבען פעררעטהעריש פערראַטהען.

17 אַ שרעקעניס און אַ גרוב און אַ נעץ איז אויף דיר,
דו בעוואָהנער פון דעם לאַנד.
18 און עס וועט געשעהן, אַז דער וואָס וועט אַנטרינען פון
דער שטים פון שרעק וועט ארײַנפאַלען אין די גרוב
און דער וואָס וועט ארויסגעהן פון דער גרוב וועט
געפאַנגען ווערען אין דעם נעץ, דען די פענסטער
פון אויבען זיינען געעפענט געוואָרען און די פונדאַ־
מענטען פון דער ערד האָבען זיך צוטרייסעלט.
19 צוקלאַפּט און צושמעטערט איז די ערד, אויף ברעקלעך
צובראָקעלט איז די ערד, אויפגעטרייסעלט און
צוטרייסעלט איז די ערד.
20 וואַקלענדיג שאָקעלט זיך די ערד, אַזוי ווי אַ שכור,
און זי וואַרפט זיך אַזוי ווי אַ נאַכט־ביידעל; און
שווער דריקט אויף איהר איהר פערברעכען, און זי
וועט פאַלען און וועט ניט מעהר אויפשטעהן.
21 און עס וועט געשעהן, אַז אין יענעם טאָג וועט גאָט
בעשטראָפען די הויכע אַרמייען אין דער הויך, און
די קיניגען פון דער ערד אויף דער ערד.
22 און זיי וועלען צוזאַמען איינגעזאַמעלט ווערען ווי
געפאַנגענע אין דער געפענגניס־גרוב, און זיי וועלען
אין פעסטונג פערשלאָסען ווערען און (ערשט) נאָך
אַ לאַנגע צייט וועלען זיי וויעדער דערמאָנט ווערען.
23 און די לבנה וועט רויט ווערען און די זונן וועט פער־
שעמט ווערען, דען דער גאָט פון אַרמייען קיניגט

אויף דעם בארג ציון און אין ירושלים און איז פאר
זיינע עלטסטע א פרעכטיגקייט.

קאפ. כה.

1 אייביגער, מיין גאט ביזטו; ערהעבען וויל איך דיך,
לויבען וועל איך דיין נאמען, דען וואונדער האסטו
אויפגעטהאן; די בעשלוסען (דיינע) פון לאנג צוריק
זיינען געטריי און ריכטיג.
2 דען דו האסט געמאכט פון א שטאדט א הויפען (פון
רואינען), א בעפעסטיגטע הויפט־שטאדט פאר אן
איינגעפאלענע רואינע. די פאלאצען פון די באר־
בארען זיינען אויס שטאדט געוואָרען; אויף אייביג
וועלען זיי ניט (ווידער) אויפגעבויט ווערען.
3 דרום גיט דיר אָב עהרע דאס מוטהיגע פאלק, די
שטאדט פון די מעכטיגע נאציאָן שרעקט זיך פאר
דיר.
4 דען דו ביזט געווען א פעסטונג פאר דעם נויטבעדירפ־
טיגען, פאר דעם אָרעמאן — ווען ער איז בעדריקט;
א בעשיצונג פון גוס־רעגען, א שאטען פון היץ; דען
דער אָטהעם פון די טיראנען איז ווי א גוס־רעגען
אקעגען א וואנד.
5 אזוי ווי די היץ אין א טרוקענעם לאנד, ווערסטו דעם
טומעל פון די בארבארען בעצווינגען; (אזוי ווי) די
היץ (ווערט בעזיעגט) פון א וואָלקען־שאטען, ווערט

דער געזאַנג פון די טיראַנען אונטערדריקט ווערען.
6 און דער גאָט פון אַרמייען וועט מאַכען פאַר אַלע פעל־
קער אויף דעם דאָזיגען באַרג אַ מאָהלצייט פון פעטע
שפּייזען, אַ מאָהלצייט פון הייוועןָ־וויינען; פון
פעטע שפּייזען מיט מאַרך, פון הייוועןָ־וויינען
געלייטערטע.
7 און גאָט וועט אַרונטעררייסען אויף דעם דאָזיגען
באַרג די דעקע, וועלכע פערדעקט אַלע פעלקער, און
דעם שלייער, וועלכער פערשלייערט אַלע נאַציאָנען.
8 ער וועט דעם טויט אויף אייביג פערניכטען און ער
וועט אָבווישען די טהרער פון יעדען געזיכט, און
די שאַנד פון זיין פאָלק וועט ער אָבשאַפען פון דער
גאַנצער ערד; דען אַזוי האָט גאָט גערעדט.
9 און מען וועט זאָגען אין יענעם טאָג: אָט איז אונזער
גאָט, דער וואָס מיר האָבען געהאָפט צו איהם ער
זאָל אונז העלפען, דער גאָט וואָס מיר האָבען צו
איהם געהאָפט; לאָזען מיר לוסטיג זיין און זיך
פרעהען מיט זיין הילף.
10 דען די האַנד פון גאָט וועט רוהען אויף דעם דאָזיגען
באַרג, און מואב וועט אויף זיין פּלאַץ צוטראָמפּעלט
ווערען ווי עס ווערט צוטראָמפּעלט דער שטרוי אין
דער מיסט־לוזשע.
11 און ער וועט דעריין זיינע הענד אויסשפּרייטען, אַזוי
ווי עס שפּרייט אויס דער שווימער צום שווימען;

אָבער ער (גאָט) וועט אַרונטערבייגען זיין שטאָלץ (צו־
זאַמען) מיט די געלענקען פון זיינע הענד.
12 און די בעפעסטיגונג פון דיינע שטאַרקע מויערן וועט
ער אַרונטערבייגען און ניעדריג מאַכען; ער ברינגט
זי ביז צו דער ערד, ביז צו דעם שטויב.

## קאפ. כו.

1 אין יענעם טאָג וועט דאָס דאָזיגע ליעד געזונגען ווערען
אין לאַנד יהודה: אַ שטאַרקע שטאָדט האָבען מיר;
די הילף וואָס ער שאַפט, איז ווי מויערען און ווי
אַ פעסטונג.
2 עפענט די טהויערן און זאָל אַריינקומען דאָס גערעכטע
פאָלק, דער היטער פון וואַהרהייט.
3 דאָס געמיטה וואָס האָט צוטרוי ווערסטו פערהיטען אין
רוהיגען פריעדען; ווייל עס האָט זיך פערלאָזען
אויף דיר.
4 פערלאָזט זיך אויף גאָט ביז אייביגקייט, דען גאָט דער
האַרר איז אַן אייביגער פעלז.
5 דען ער האָט אַרונטערגעבייגען די וואָס וואָהנען אין
דער הויך; די שטאָלצע פעסטונג, זי מאַכט ער
נידעריג; ער מאַכט זי נידעריג ביז צו דער ערד;
ער ברינגט זי ביז צו דעם שטויב.
6 טראַמפּלען אויף איהר וועט דער פוס, דער פוס פון די
אָרעמע, די טריט פון די נויטבעדערפטיגע.

7 דער וועג פאר דעם גערעכטען איז גלייך; אַ גלאַטטען
שטעג טרעטסטו אויס פאַר דעם גערעכטען.
8 יא, אויף דעם וועג פון דיין גערעכטיגקייט, אָ גאָט,
האָבען מיר געוואַרט אויף דיר, נאָך דיין נאָמען און
נאָך דיין אַנדענק איז דער בעגעהר פון אונזער זעעלע.
9 אין מיין זעעלע האָב איך געשמאַכט נאָך דיר ביי נאכט;
יא, מיט דעם גייסט אין מיר זוך איך דיך; דען ווען
דיינע גערעכטיגע אורטהיילען (קומען) אויף דער
ערד, לערנען גערעכטיגקייט די איינוואָהנער פון
דער וועלט.
10 ווען דער שלעכטער ווערט פערשוינט, לערנט ער ניט
קיין גערעכטיגקייט; אין דעם לאַנד פון עהרליכ־
קייט בעגעהט ער אונרעכט און זעהט ניט די
ערהאַבענהייט פון גאָט.
11 גאָט, הויך איז דיין האַנד און זיי זעהען ניט; זאָלען
זיי זעהען און זיך שעמען, ווי דו נעהמסט זיך אָן
פאַר דאָס פאָלק; אַ פייער־צאָרן זאָל פערצעהרען
זיי — דיינע פיינד.
12 גאָט, דו וועסט אונז שענקען פריעדען; דען אַלע
אונזערע אויפטהוּען האָסטו דאָך פאַר אונז אויס־
געפיהרט.
13 גאָט, אונזער האַרר, עס האָבען איבער אונז געוועל־
טיגט הערשער אויסער דיך; אבער בלויז דיך
דערמאָנען מיר (און) דיין נאָמען.

14 טויט זיינען זיי, זיי ווועלען ניט (מעהר) לעבעדיג
ווערען; געשטאָרבען זיינען זיי, זיי ווועלען ניט
אויפשטעהן, ווייל דו האָסט געשטראָפט און זיי פערר־
טיליגט, און זייער יעדען אַנדענק פערניכטעט.
15 דו האָסט פערמעהרט די נאַציאָנען, אָה גאָט, דו האָסט
פערמעהרט די נאַציאָנען, דו האָסט זיך פערכבטיג
אַרויסגעוויזען; דו האָסט ווייטער גערוקט אַלע
גרענעצען פון דעם לאַנד.
16 גאָט, אין ליידען האָבען זיי דיך דערמאָנט; זיי
האָבען אויסגעגאָסען זייער געבעט ווען דיין שטראָף
(איז געווען) אויף זיי.
17 אַזוי ווי אַ שוואנגערע פרוי ווען זי איז נאָהענט צו
געווינען, האָט וועהען און שרייט אין איהרע וועה־
טאָגען, אַזוי זיינען מיר געווען פאַר דיר, אָ גאָט.
18 מיר האָבען געשוואַנגערט, מיר האָבען וועהען געהאַט,
(און) אזוי ווי מיר וואָלטען ווינד געבאָרען; מיר
קענען ניט אויסווירקען קיין הילף אויף דער ערד;
און עס פאַלען ניט אַרונטער די בעוואָהנער פון דער
וועלט.
19 דיינע טויטע ווועלען אויפלעבען, אויפשטעהן ווועלען
מיינע טויטע קערפּערס; ערוואַכט, און זינגט, איהר
בעוואָהנער פון שטויב; דען אַזוי ווי דער טהוי אויף
די גראָזען איז דיין טהוי, און די ערד וועט די טויטע
אַרויסגעבען.
20 געה מיין פאָלק, געה אריין אין דיינע צימערען און

פערשלים דיינע טהירען הינטער דיר ; בעהאַלט זיך
אַ קליין ווײלע ביז דער צאָרן וועט פאַרבייגעהן.

21 דען גאָט געהט אַרויס פון זיין פּלאַטץ צו בעשטראָפען
דעם בעוואָהנער פון דער ערד פאַר זיין זינד ; און
די ערד וועט אַנטפּלעקען איהר בלוט און וועט ניט
מעהר פערדעקען איהרע ערמאָרדעטע.

קאפּ. כז.

1 אין יענעם טאָג וועט גאָט בעשטראָפען מיט זיין שווערד
דעם האַרטען, און דעם גרויסען, און דעם מעכטיגען,
דעם לויתן די פלינקע שלאַנג, און דעם לויתן די
קרומע שלאַנג, און ער וועט טייטען דעם קראָקאָדיל
וואָס אין ים.

2 אין יענעם טאָג זינגט צו איהר : זאַפטיגער וויינ־
גאָרטען !

3 „איך, גאָט, היט איהם ; יעדען אויגענבליק טרינק איך
איהם אָן ; דאַמיט מען זאָל איהם ניט שאדען טהון,
היט איך איהם ביינאַכט און בייטאָג.

4 „קיין צאָרען האָב איך ניט ; (דאָך) ווער וועט קעגען
מיר דערנער און ווילדע געוויקסען אין קאַמפּף שטע־
לען ? איך וועל צו זיי צוטרעטען און איך וועל זיי
אָנצינדען (אַלע) צוזאַמען.

5 „ווען ער וואָלט נור זיך אָנהאַלטען אָן מיין שטאַרקייט,





און וואָלט מיט מיר פריעדען מאַכען, פריעדען מאַכען
מיט מיר!

6 אין די קומענדיגע (טעג) וועט יעקב זיך איינוואָרצלען,
און ארויסשפּראָצען און אויפבליהען וועט ישראל
און די גאַנצע וועלט וועט פול ווערען מיט פרוכט.

7 האָט ער איהם אזוי ווי ער האָט זיין שלאָגער געשלאָ־
גען? איז ער מיט דערזעלביגער טויטונג ווי זיינע
טויטער געטויט געוואָרען.

8 אין דעם פולסטען מאָס (פון צאָרן) האָסט איהם מיט
פערשטויסונג בעשטראָפט; ער האָט איהם אַוועק־
געשלעפּט מיט זיין געוואַלטיגען שטורעם, אין דעם
טאָג פון מזרח־ווינד.

9 אָבער בלויז דורך דעם וועט פערגעבען ווערען די זינד
פון יעקב; און דאָס וועט זיין בלויז די פרוכט פון
דער אָבשאַפונג פון זיינע זינד; ווען ער וועט מאַכען
אַלע שטיינער פון אַלטאַר אַזוי ווי צוהאַקטע קאַלך־
שטיינער, (און) עס וועלען ניט אויפגעשטעלט זיין
קיין געצענבוימער און קיין זון־אָבגעטער.

10 דען די בעפעסטיגטע שטאדט וועט זיין איינזאַם, דער
בעוואָהנטער פּלאַץ וועט ווערען איבערגעלאַזט און
פערלאָזען ווי א וויסטעניי; דאָרט וועט פיטערען
דאָס קאַלב, דאָרט וועט עס רוהען און וועט איהרע
צווייגען פערניכטען.

11 ווען איהרע צווייגען וועלען פערדאַרט ווערען, וועלען

זיי אַרונטערגעבראָכען ווערען; פרויען וועלען קומען
(און) וועלען זיי אָנצינדען; דען אַ פאָלק אָהן פער־
שטאַנד איז עס. דרום וועט זיך ניט דערבאַרעמען
אויף איהם זיין בעשעפער, און דער וואָס האָט איהם
געפורעמט וועט איהם ניט פערשוינען.
12 און עס וועט געשעהן, אז אין יענעם טאָג וועט גאָט
אַרונטערקלאַפּען (די פרוכט) אַזש פון דעם שטראָם
פון טייך, ביז דעם פלוס פון מצרים; און איהר וועט
אויפגעקליבען ווערען איינער צו איינעם, איהר
קינדער פון ישראל.
13 און עס וועט געשעהן, אַ אין יענעם טאָג וועט געבלאָ־
זען ווערען אין אַ גרויסען טראָמפּייט, און עס וועלען
קומען די פערלאָרענע פון לאַנד אשור און די פער־
שטויסענע פון לאַנד מצרים; און זיי וועלען זיך
בוקען צו גאָט אויף דעם הייליגען באַרג אין ירושלים.

קאַפּ. כח.

1 וועה צו דער שטאָלצער קרוין פון אפרים'ס בעטרונקענע
און צו דער פערוועלקטער בליהונג פון זיין שענער
פּראַכט; צו די וויין־פערטומעלטע אויף דעם שפּיץ
פון דעם פעטען טהאָל.
2 דען שטאַרק און מעכטיג (קומט עס) פון גאָט אַזוי ווי
אַ האָגעל־וועטער, אַ פערניכטענדער שטורעם; ווי
דער שטראָם פון מעכטיגע פליצענדע וואַסערען וועט

ער (זיי) מיט געוואַלט אויף דער ערד אַנידערוואַרפען.

3 מיט די פיס וועט זי צוטראַמפּעלט ווערען — די שטאָלצע קרוין פון אפרים'ס בעטרונקענע.

4 און אַ פערוועלקטע בליהונג וועט זיין די שענע פּראַכט זיינע אויף דעם שפּיץ פון פעטען טהאָל; אַזוי ווי אַן ערשטלינג־פרוכט (לאַנג) איידער (עס קומט) די צייט פון אַרומקלייבען, וועלכע דער צושויער דער־זעהט, (און) קוים איז זי אין זיין האַנד פערשלינגט ער זי.

5 אין יענעם טאָג וועט דער גאָט פון אַרמייען זיין אַ קרוין פון פּראַכט און אַ קראַנץ פון שענהייט פאַר די איבערגעבליבענע פון זיין פאָלק.

6 און אַ גייסט פון גערעכטיגקייט פאַר דעם וואָס זיצט אויפ'ן געריכט, און אַ שטאַרקייט פאַר די וואָס ברינגען דעם קריעג צוריק צו די טהויערען (פון דעם פיינד).

7 און אויך די שטרויכלען זיך פון וויין און בלאָנדזשען אַרום פון שטאַרקען געטראַנק; דער פּריסטער און דער פּראָפעט שטרויכלען זיך פון שטאַרקען געטראַנק, צוטומעלט זיינען זיי פון וויין; זיי בלאָנדזשען פון שטאַרקען געטראַנק, און זיי אירּרען זיך אין דער (פּראָפעטישער) זעהונג, זיי וואַקלען זיך אין דעם געריכט־אורטהייל.

8 דען אַלע טישען זיינען פול מיט אָנגעמקיא'טען שמוץ,

עס איז מעהר קיין (ריינער) אָרט ניטאָ.
9 וועמען זאָל ער לערנען קענטעניס? וועמען זאָל ער
געבען צו פערשטעהן די לעהרע? די וועלכע זיינען
פון דער מילך ענטוועהנט, די וועלכע זיינען פון דער
ברוסט אַוועקגענומען?
10 בלויז א געבאָט צו אַ געבאָט, א געבאָט צו אַ געבאָט;
אַ שטריך צו אַ שטריך, אַ שטריך צו אַ שטריך;
אַביסעל דאָ, אַביסעל דאָרט.
11 דען (אַזוי ווי) מיט שטאַמעלדיגע ליפּען און אויף אַ
פרעמדער שפּראַך מוז מען רעדען צו דעם דאָזיגען
פאָלק.
12 ווען ער האָט צו זיי געזאָגט: דאָס איז די רוה, לאָזט
דעם מידען זיך אָברוהען; און דאָס איז די בערוהי־
גונג. האָבען זיי ניט געוואָלט זיך איינהערען.
13 דרום וועט זיין גאָט'ס וואָרט צו זיי אַ געבאָט
צו אַ געבאָט, אַ געבאָט צו אַ געבאָט, אַ שטריך
צו אַ שטריך, אַ שטריך צו אַ שטריך, אַ בי־
סעל דאָ, אַ ביסעל דאָרט, דאַמיט זיי זאָלען
געהן און געשטרויכעלט ווערען הינטערוועלעך, און
זיי זאָלען צובראָכען ווערען און אַריינפאַלען אין
פאַסטקע און געפאַנגען ווערען.
14 דרום הערט דאָס וואָרט פון גאָט, איהר שפּאָטענדע
מענער, איהר הערשער פון דעם דאָזיגען פאָלק וואָס
איז אין ירושלים;

15 ווייל איהר האָט געזאָגט: „מיר האָבען מיט דעם
טויט אַ בונד געשלאָסען, און מיט דער אונטערוועלט
האָבען מיר אַן אָפּמאַך געמאַכט; די איילענדע
שטראָף־רוטה, ווען זי וועט דורכגעהן, וועט צו אונז
ניט צוקומען, דען מיר האָבען פאַלשקייט געמאַכט
פאַר אונזער בעשיצונג, און מיר האָבען זיך אין ליגען
פערבאָרגען.

16 דרום זאָגט אַזוי גאָט, דער האַרר: אָט לעג איך אין
ציון אַ שטיין, אַן אויספּרובירטען שטיין, אַ טהייערען
פונדאַמענט, פעסט געגרינדעט; דער וואָס גלויבט
זאָל (נאָר) ניט אונגעדולדיג זיין.

17 און איך וועל מאַכען גערעכטיגקייט פאַר מיין בוי־
שנור, און עהרליכקייט פאָר מיין בליי־געוויכט; און
דער האָגעל וועט אַוועקקעהרען די בעשיצונג פון
בעטרוג, און דאָס באַהעלטעניס (זייערס) וועלען די
וואַסערען אַוועקשווענקען.

18 און צושטערט וועט ווערען אייער בונד מיט דעם טויט,
און אייער אָבמאַך מיט דער אונטערוועלט וועט ניט
בעשטעהן; ווען די איילענדע שטראָף וועט דורכ־
געהן, וועט איהר פון איהר צוטראַמפּעלט ווערען.

19 ווען נאָר זי וועט דורכגעהן וועט זי אייך אָנכאַפּען;
דען מאָרגען פאַר מאָרגען וועט זי דורכגעהן; ביי־
טאָג און ביינאַכט; און עס וועט זיין אַ שרעק בלויז
צו הערען די נאַכריכט.

20 דען דאָס געלעגער וועט צו קורץ זיין אום זיך אויסצו־
ציהען, און די דעקע צו ענג אום זיך איינצוהילען.
21 דען אזוי ווי אויף דעם באַרג פּרצים וועט זיך גאָט
אויפשטעלען; אזוי ווי אין טהאָל גבעון וועט ער
צאָרניג אויפשטעהן צו טהון זיין ווערק, זיין משונה־
דיג ווערק; צו פערריכטען זיין אַרבייט, זיין זאָנ־
דערבאַרע אַרבייט.
22 און אַצונד זאָלט איהר ניט שפּאָטען, דאמיט אייערע
פענטעס זאָלען ניט נאָך שטאַרקער ווערען, דען אַ
פערניכטונג און א פעסט־בעשלאָסענע, האָב איך
געהערט פון גאָט, דעם האַרר פון אַרמייען,
איבער דער גאַנצער ערד.
23 האָרכט איין און הערט מיין שטים, פערנעהמט און
הערט צו מיינע רייד.
24 אַקערט דען אַ גאַנצען טאָג דער אַקערמאַן אום צו
זעען, און גראָבט ער און בראָנעוועט זיין ערד (נאָכ־
אנאנד)?
25 איז עס ניט אַזוי, אַז ווען ער האָט איהר געשטאַלט
אויסגעגלייכט, צושפּרייט ער אַניס־קערנער, און
קימעל וואַרפט ער אויס, און טהוט רייהענווייז דעם
ווייץ אַריין, און די גערשטען אויף דעם בעצייכענטען
(אָרט), און הירז אויף זיין בעשטימטען פּלאַטץ?
26 (אַזוי נאָכדעם ווי) ער האָט איהם מיט גערעכטיגקייט
געשטראָפט, לעהרענט איהם זיין גאָט.

27 געווים, ניט מיט אַ דרעש־פלעגעל ווערט דער אַניס
געדראָשען, און דער ראָד פון אַ וואָגען ווערט ניט
איוף קימעל געקייקעלט; בלויז מיט אַ שטעקען
ווערט אַניס געקלאַפּט, און קימעל מיט אַ שטאָק.
28 ברויט־תבואה ווערט געשטויסען, אָבער ניט אייביג
האַלט מען זי אין דרעשען; און כאָטש ער טרייבט
איבער איהר דעם ראָד פון זיין וואָגען און זיינע פערד,
וועט ער זי ניט צושטויסען (אין גאַנצען).
29 דאָס אויך איז פון דעם גאָט פון אַרמייען געקומען,
וואונדערבאַר איז ער אין בעשלוס, גרויס אין אויפ־
טהאָן.

קאפּיטעל כט.

1 וועה, אריאל, אריאל*), שטאָדט וואו דוד האָט געוואהנט;
לעגט צו יאָהר אויף יאָהר, לאָזען די פייערטעג זיך
אַרומקרייזען.
2 און איך וועל בעדריקען אריאל*); און עס וועט זיין אַ'ן
אָכצען און אַ קרעכצען; און זי וועט זיין פאַר מיר
אַזוי ווי אריאל (אַן אָפּפער־פּלאַטץ).
3 און איך וועל דיך רונד אַרום בעלאַגערען און איך וועל

*) „לייב פון גאָט", אַזוי האָט זיך גערופען דער מזבח
צוליעב די אָפּפער וועלכע ער פלעגט פערצעהרען, און מיט דעם
נאָמען פלעגט מען אויך רופען דעם בארג ציון.

פֿוועקשטעלען קעגען דיך אַ מיליטער־וואַך, און וועל
אויפשטעלען אַרום דיך בעלאַגערונג־פעסטונגען.
4 און דו וועסט זיין נידעריג, פון דער ערד וועסטו ריידען,
פונ׳ם שטויב וועלען קומען דיינע ווערטער; און אַזוי
ווי פון אַ גייסט, פון דער ערד וועט זיין דיין שטים,
און פונ׳ם שטויב וועלען פיפּצען דיינע רייד.
5 און עס וועט זיין ווי א דינער שטויב, די מחנה פון דיינע
פיינד; און אַזוי ווי אַ פערבייגעהענדער שפריי — די
מחנה פון די טיראַנען; און עס וועט געשעהן פלוצ־
לינג, אומגעריכט.
6 פון דעם גאָט פון צבאות וועט קומען דיין שטראָף, מיט
דונער און מיט ערדציטערנים און מיט גרויס געפּיל־
דער; מיט שטורעם און זאַווערוכע און פערצעהרענ־
דער פלאַם־פייער.
7 און אַזוי ווי דער טרוים פון אַ נאַכט־זעהונג וועט זיין
די מחנה פון די אַלע נאַציאָנען וועלכע געהען אויף
קריעג קעגען אריאל, און אַלע די וואָס קעמפפען
קעגען איהר, און דער בעלאַגערונגער־טהורעם קעגען
איהר, און די וואָס בעדריקען זי.
8 און עס וועט זיין, אַזוי ווי עס טרוימט דער הונגעריגער
אַז אָט ערעסט, און ער כאַפּט זיך אויף און זיין לייב איז
גאָר ליידיג; און ווי עס טרוימט דער דורשטיגער אַז
אָט ער טרינקט און ער כאַפּט זיך אויף און ער איז
גאָר פערשוואַכט און זיין זעעלע איז פערשמאַכט —

אַזוי וועט עס זיין מיט דער מחנה פון די אַלע נאַציאָ־
נען וועלכע האַלטען קריעג קעגען באַרג ציון.

9 שטעלט זיך אָפּ און שטוינט! קוקט זיך אַרום און
קוועלט אָן! זיי זיינען בערוישט און ניט פון וויין, זיי
שאָקלען זיך און ניט פון שטאַרקען געטראַנק.

10 דען גאָט האָט אויף אייך אַרויפגעגאָסען אַ גייסט פון
שלומער, און ער האָט צוגעמאַכט אייערע אויגען;
און איבער די פּראָפעטען, און די פאָרשטעהער,
די זעהער האָט ער אַ שלייער אַרויפגעלעגט.

11 און די זעהונג פון אַלצדינג איז פאַר אייך געוואָרען
ווי די ווערטער פון אַ פערזיגעלטען בוך, וואָס מע
גיט צו דעם וועלכער קען (לעזען) אַ בוך זאָגענדיג:
לעז דאָס נאָר! און ער זאָגט: איך קען ניט, דען עס
איז פערזיגעלט.

12 און מע גיט (דאָז) דאָס בוך צו דעם וועלכער קען ניט
(לעזען) אַ בוך זאָגענדיג: לעז דאָס נאָר! און ער
זאָגט: איך קען ניט (לעזען) אַ בוך.

13 און גאָט האָט געזאָגט: ווייל דאָס דאָזיגע פאָלק האָט
זיך דערנעהנטערט מיט זיין מויל, און מיט זיינע
ליפען האָט ער מיך געאַכפערט, און זיין הערץ האָט
ער דערווייטערט פון מיר; און זייער פאָרכט פאַר
מיר איז בלויז ווי אַ רעגעל וואָס מענשען לערנען זיך
אוים;

14 דרום וועל איך נאָך מעהר פערוואונדערן דאָס דאָזיגע

פאָלק, וואונדערבאַר פערוואונדערן; און פערלאָרען ווערען וועט די קלוגהייט פון זיינע קלוגע, און דער פערשטאַנד פון זיינע פערשטענדיגע וועט זיך בעהאַלטען.

15 וועה די וואָס פערבאָרגען טיעף פון גאָט (זייער) פּלאַן, און זייער ווערק איז אין פינסטערנים; און זיי זאָגען: ווער זעהט אונז, ווער וויים אונז?

16 די פערקעהרטקייט אייערע! ווערט דען דער לעהם ווי דער טעפּער בעטראַכט? קען דאָס ווערק זאָגען אויף זיין מייסטער אַז ער האָט עס ניט געמאַכט? און דאָס בעשאַפענע זאָגען אויף זיין בעשעפער: ער פערשטעהט ניט?

17 אָט נאָך אַ קליין ווײַלע, און דער לבנון וועט זיך אין אַ פרוכטגאָרטען פערוואַנדלען, און דער פרוכטגאָרטען וועט ווערען ווי דער וואַלד בעטראַכט...

18 און די טויבע וועלען הערען אין יענעם טאָג, די ווערטער פון אַ בוך; און פון דונקעלהייט און פון פינסטערנים וועלען די אויגען פון בלינדע זעהן.

19 און די אונטערדריקטע וועלען (נאָך) מעהר אָנקווועלען פון גאָט, און די נויטהבעדירפטיגע צווישען די מענשען וועלען זיך מיט דעם הייליגען פון ישראל פרעהען.

20 דען דער טיראַן איז ניטאָ מעהר, און פערטיליגט איז

דער שפּאָטער און אויסגעראָט זיינען געוואָרען די
וואָס זוכען אונרעכט צו טהאָן;
21 די וואָס מאַכען מענשען זינדיגען מיט (זייער) וואָרט,
און לעגען אַ פּאַסטקע פֿאַר דעם וואָס שטראָפֿט (זיי)
אין דעם טויער (פֿון דער שטאָדט) און פֿערדרעהען
דעם גערעכטען מיט בעטרוג.
22 דרום האָט אַזוי גאָט געזאָגט צו דעם הויז פֿון יעקב,
ער וואָס האָט אויסגעלייזט אברהם: אַצינד זאָל זיך
יעקב ניט שעמען, און אַצינד זאָל זיין געזיכט ניט
בלייך ווערען.
23 דען ער וועט זעהן זיינע קינדער, דאָס ווערק פֿון מיינע
הענד, ביי זיך, (ווי) זיי הייליגען מיין נאָמען; און זיי
וועלען פֿערהייליגען דעם געהייליגטען פֿון יעקב, און
דעם גאָט פֿון ישראל וועלען זיי גרויסען.
24 און די וואָס האָבען געבלאָנדזשעט אין גייסט וועלען
וויסען צו פֿערשטעהן; און די ווידערשפּעניגע וועלען
צונעהמען בעלעהרונג.

## קאַפּיטעל ל.

1 וועה די קינדער וועלכע זיינען ווידערשפּעניג, זאָגט
גאָט, צו מאַכען פּלענער אָבער אָהן מיר און אַרויפֿצו־
זעצען הערשער אָבער ניט דורך מיין גייסט; אום צו
פֿערמעהרען זינד אויף זינד:
2 די וואָס געהען אַהינטערנידערען אין מצרים און מיין

מויל האָבען זיי ניט געפרעגט ; זיך צו שטאַרקען מיט
דער שטאַרקייט פון פרעה, און זיך צו שיצען אין
דעם שאָטען פון מצרים.
3 און די שטאַרקייט פון פרעה וועט ווערען פאַר אייך אַ
שאַנד, און די בעשיצונג אין דעם שאָטען פון מצרים
— אַ פערשעמונג.
4 דען זיינע פירסטען זיינען אין צען געוועזען, און זיינע
געזאַנדטע האָבען חנס דערגרייכט.
5 (זיי) אַלע זיינען פערשעמט געוואָרען דורך דעם פאָלק
וואָס קען זיי ניט העלפען, ניט צו הילף, ניט צו נוץ,
בלויז צו שאַנד און צו שפּאָט.
6 די פּראָפעצייאונג איבער די טהיערען פון דרום : אין
דעם לאַנד פון נויטה און בעדריקונג פון וואַנען (עס
קומען) דער לייב און די לעווין, דער פיפערנאָטער
און די פליהענדע שלאַנג, וועלען זיי לאָדען אויף דעם
רוקען פון אייזלען זייערע פערמעגענס, און אויף דעם
הייקער פון קעמלען זייערע שאַצען, פאַר אַ פאָלק
וואָס וועט זיי קיין נוצען ניט ברענגען.
7 און מצרים, פוסט און נישט איז זייער הילף ; דרום האָב
איך עס גערופען : שטאָלץ זיינען זיי בלויז צום זיצען
(ליידיג).
8 דרום געה און פערשרייב עס ביי זיי אויף אַ טאָוועל ;
און אויף אַ בוך פערצייכען עס ; און עס זאָל בלייבען
ביז דעם לעצטען טאָג, ביז אימער און ביז אייביג.

9 דען אַ ווידערשפּעניג פאָלק איז עס, פאַלשע קינדער,
קינדער וועלכע ווילען ניט הערען די לעהרע פון גאָט,
10 וועלכע האָבען געזאָגט צו די זעהערס: „זעהט ניט"; און
צו די פּראָפעטען: „פּראָפעצייעט אונז ניט וואַהרע
(זאַכען), רעדט צו אונז גלאַטע (רייד), פּראָפּעצייעט
שפּאַסהאַפטע זאַכען;
11 קעהרט זיך אָפּ פון וועג, דרעהט זיך אַראָפּ פון שטעג;
שאַפט אָפּ פון אונזער געזיכט דעם הייליגען פון
ישראל".
12 דרום האָט אַזוי געזאָגט דער הייליגער פון ישראל:
ווייל איהר האָט פעראַכטעט דאָס דאָזיגע וואָרט, און
איהר האָט זיך פערלאָזען אויף רויבעריי און בעטרוג
און איהר האָט זיך געשטיצט דאַרויף.
13 דערפאַר וועט אייך זיין די זינד אַזוי ווי אַ געפעהרליכער
בראָך אַנטפּלעקט אין אַ הויכער מויער, וואָס איהר
פאַל וועט קומען פלוצלינג, אומגעריכט.
14 און ער וועט זי צוברעכען אַזוי ווי מע צוברעכט אַ
טעפּער'ס קרוג, צושטויסען אויף פיצלעך און ניט
שוינען; און עס וועט זיך ניט געפינען נאָך דער
צושטויסונג אַ שאַרבען (גרויס געגוג) אַרויסצושאַרען
פייער פון אויווען און אָנצושעפּען וואַסער פון ברונען.
15 דען אַזוי האָט געהאַט געזאָגט דער האַרר, דער היילי־
גער פון ישראל: אין רוה און אין שטילקייט וועט
איהר געהאָלפען ווערען; אין רוהיגקייט און צו־

טרויען וועט אייער שטאַרקייט זיין; אָבער איהר
האָט ניט געוואָלט.
16 און איהר האָט געזאָגט: „ניין, נאָר אויף פערד וועלען
מיר לויפען“, דרום וועט איהר (טאַקי) לויפען; „אויף
אַ פלינקען (רייט פערד) וועלען מיר רייטען“, דרום
וועלען פלינק זיין אייערע פערפאָלגערס.
17 טויזענד וועלען פאַר דעם געשריי פון איינעם, און
איהר (אַלע) וועט פאַר דעם געשריי פון פינף ענטלויי־
פען; ביז איהר וועט בלייבען אַזוי ווי אַ שטאַנג, אויף
דעם שפּיץ פון אַ באַרג און ווי אַ פאָהן אויף אַ היכען
פלאַטץ.
18 דאָך וועט גאָט וואַרטען און אייך בעגנאַדיגען און דאָך
וועט ער זיך דערהויבען און זיך אויף אייך דערבאַרע־
מען; דען דער גאָט פון גערעכטיגקייט, איז דער
אייביגער; גליקליך זיינען אַלע וואָס וואַרטען אויף
איהם.
19 דען, אָ פאָלק וואָס וואָהנט אין ציון, אין ירושלים;
וויינען וועסטו ניט (מעהר), ער וועט דיך מיט גנאָד
בעגנאַדיגען אויף דיין רוף־געשריי; ווי נאָר ער
הערט דיך, ענטפערט ער דיר.
20 און גאָט וועט אייך געבען ברויט (אין אייער) נויטה,
און וואַסער ((אין אייער) בעדריקונג, און אייערע
לעהרערס וועלען מעהר ניט זיין פערדעקט פון אייך,
נאָר דיינע אויגען וועלען זעהן דיינע לעהרערס.

21 און דיינע אויערען וועלען הערען דאָס וואָרט הינטער
דיר זאָגענדיג: „דאָס איז דער וועג, געהט אויף
איהם“, ווען איהר וועט זיך ווענדען רעכטס, און ווען
איהר וועט זיך ווענדען לינקס.
22 און איהר וועט בעטראַכטען אַלס אונריין די בעדע־
קונג פון דיינע זילבערנע געצען, און די בעקליידונג
פון דיין אויסגעגאָסענעם אָפּגאָט פון גאָלד; דו וועסט
זיי אַוועקוואַרפען אַזוי ווי אַ שמוציגע זאַך; „געה
אַוועק“, וועסט זאָגען צו זיי.
23 און ער וועט שענקען דעם רעגען פאַר דעם זאָמען
וואָס דו וועסט איינזייען אין דער ערד, און דער
ברויט, די פרוכט פון דער ערד, וועט זיין פעט און
קרעפטיג; דיינע פיה וועלען זיך פיטערען, אין יענעם
טאָג, (אויף) אַ ברייטער לאָנקע.
24 און די אָקסען און די יונגע אייזלען, די וואָס בעאַר־
בייטען די ערד, וועלען עסען אַ געזייערט פוטער וואָס
איז דורכגעטרייסעלט געוואָרען מיט אַ לאָפּעטע און
מיט אַ שויפעל.
25 און עס וועט געשעהן אַז אויף יעדען הויכען באַרג און
אויף יעדען געהויבענעם בערגעל (וועלען זיין) בעכען,
וואַסער־שטראָמען, אין דעם טאָג פון דער גרויסער
אויסשלאַכטונג, ווען די טהורעמס וועלען פאַלען.
26 און דאָס ליכט פון דער לבנה וועט זיין ווי דאָס ליכט
פון דער זונן, און דאָס ליכט פון דער זונן וועט זיין

זיבענפאַכיג, אַזוי ווי דאָס ליכט פון די זיבען טעג —
אין דעם טאָג ווען גאָט וועט פערבינדען די צובראָ־
כענקייט פון זיין פאָלק און וועט היילען די וואונד
פון זיין קלאַפּ.

27 אָט זעה, דער נאָמען פון גאָט קומט פון דער ווייטען,
עס ברענט זיין צאָרען און שווער זיינען די רויכ־
זיילען; זיינע ליפּען זיינען פול מיט וואוטה און זיין
צונג איז ווי אַ פערצעהרענדער פייער.

28 און זיין אָטהעם ווי אַ פלייצענדער טייך, וועט ביז'ן
האַלז גרייכען; אום צו זיפּען די פעלקער אין דער
זיפּ פון (זייער אייגענעם) בעטרוג, און (אָנצוטהאָן) אַ
פערפיהרענדען צוים אויף די קינבאַקען פון די
פעלקער.

29 (און) איהר וועט האָבען אַ געזאַנג ווי אין דער נאַכט
ווען אַ פייערטאָג ווערט איינגעווייהט, און אַ פרייד
פון הערצען, אַזוי ווי דער וואָס געהט מיט אַ פלייט,
צו קומען אויף דעם באַרג פון גאָט, צו דעם פעלז פון
ישראל.

30 און גאָט וועט לאָזען הערען זיין מאַיעסטעטישע שטים,
און די מאַכט פון זיין אָרעם וועט ער בעווייזען, מיט
וואוטהיגען צאָרן און אַ פערצעהרענדען פלאַם־
פייער, מיט שטורעם און רעגען־שטראָם און האָגעל־
שטיינער.

31 דען פאַר דער שטים פון גאָט וועט אשור צושראָקען

ווערען. ער שלאָגט (איהם) מיט זיין שטעקען.
32 און יעדער זעין פון דעם (פון גאָט) בעשטימטען שטעקען, וועלכען גאָט וועט אויף איהם אַראָפּלאָזען וועט זיין מיט צימבלען און מיט האַרפּען; און מיט טומעלדיגען קאַמפּף וועט ער שטרייטען קעגען זיי.
33 דען צוגעבטגעמאַכט פון נעכטען איז תפתה (פּלאַטץ פון פערברענונג); זי אויך איז צוגעבריים געוואָרען פאַר דעם קיניג — טיעף און ברייט; איהר שייטערהויפען האָט פיעל פייער און האָלץ, דער אָטהעם פון גאָט אַזוי ווי אַ שטראָם פון שוועבעל פלאַקערט אין איהר.

## קאפּיטעל לא.

1 וועה די וואָס נידערען אין מצרים נאָך הילף, און שטיצען זיך אויף פערד, און פערלאָזען זיך אויף רייטוועגען ווייל זיי זיינען פיעל, און אויף רייטער ווייל זיי זיינען זעהר מעכטיג; און זיי האָבען זיך ניט געווענדעט צו דעם הייליגען פון ישראל, און גאָט האָבען זיי ניט געזוכט.
2 און אויך ער איז קלוג, און ער ברענגט דאָס אונגליק, און זיינע ווערטער נעהמט ער ניט צוריק; און ער שטעלט זיך אַקעגען דעם הויז פון די פערברעכער, און קעגען די הילף פון די וואָס טהוען אונגערעכטיגקייט.

3 דען מצרים איז (נאָר) אַ מענש און ניט קיין גאָט, און
זייערע פערד זיינען פלייש און ניט קיין גייסט; און
גאָט וועט אויסשטרעקען זיין האַנד, און
עס וועט געשטרויכעלט ווערען דער העלפער, און
מיטפאַלען וועט דער געהאָלפענער; און אַלע צוזאַמען
וועלען זיי פערלענדט ווערען.
4 דען אַזוי האָט גאָט געזאָגט צו מיר: אַזוי ווי עס ברומט
דער לייב און דער יונגער לייב איבער זיין רויב, וואָס
קעגען איהם ווערט צוזאַמענגערופען אַ געזעמעל פון
פאַסטוכער, און ער דערשרעקט זיך ניט פאַר זייער
שטים, און פאַר זייער ליאַרעם פאַלט ער ניט אַרונטער
— אַזוי וועט אַראָפּנידערען דער גאָט פון אַרמייען
צו שטרייטען אויף באַרג ציון און אויף איהר הויכען
אָרט.
5 ווי פלאַטערנדע פויגעלעך, אַזוי וועט דער גאָט פון
אַרמייען בעשיצען ירושלים; בעשיצענדיג און רעטענ־
דיג, פערשוינענדיג און ראַטעווענדיג.
6 קעהרט זיך אום צו איהם, קעגען וועמען די קינדער פון
ישראל האָבען טיעף ווידערשפעניגט.
7 דען אין יענעם טאָג וועט יעדער פעראַכטען זיינע געצען
פון זילבער און זיינע געצען פון גאָלד, וואָס אייערע
הענד האָבען געמאַכט פאַר אייך צו זינדיגען.
8 און אשור וועט פאַלען דורך דעם שווערד פון ניט קיין
מאַן, און דער שווערד פון ניט קיין מענשען, וועט איהם

פערצעהרען; און ער וועט אַנטרינען פון דעם
שווערד, און זיינע יונגע מענער וועלען צינז צאָהלען.
9 און זיין פעלז וועט פון פורכט פערשווינדען, און זיינע
פירסטען וועלען זיך פאַר דעם סיגנאַל־שטאַנג דער־
שרעקען, זאָגט דער גאָט וואָס זיין פייער איז אין
ציון און זיין ברען־אויווען אין ירושלים.

קאַפּיטעל לב.

1 דען מיט עהרליכקייט וועט קיניגען דער קיניג, און
פירסטען וועלען מיט גערעכטיגקייט הערשען.
2 און יעדער וועט זיין ווי אַ בעהעלטעניס פאַר דעם ווינד,
און אַ בעשיצונג פאַר דעם גוס־רעגען; ווי בעכען
וואַסער אין דער וויסטע, ווי דער שאָטען פון אַ גרוי־
סען פעלז אין אַ פערשמאַכטע לאַנד.
3 און די אויגען פון די וואָס זעהען וועלען זיך ניט מעהר
אָפּקעהרען, און די אויערען פון די וואָס הערען,
וועלען זיך צוהאָרכען.
4 און דאָס הערץ פון די לייכטזיניגע וועט לערנען פער־
שטעהן און די צונג פון די שטאַמעלדיגע וועט ריידען
האַסטיג און קלאָר.
5 דעם נידערטרעכטיגען וועט מען מעהר ניט רופען „פריי־
גיביג“, און אויף דעם קאַרגען וועט מען ניט זאָגען
„מאַגנאַט“.
6 דען דער נידערטרעכטיגער רעדט נידערטרעכטיגקייט,

און זיין הערץ ארבייט אויס אונרעכט, צו טהאָן
פאַלשקייט און רעדען צו גאָט בעטרוג, אויסצולעדיגען
די זעעלע פון דעם הונגעריגען, און דעם טרונק פון
דעם דורשטיגען אוועקצונעהמען.
7 און די ווערקצייג פון דעם קאַרגען זיינען שעדליך; ער
טראַכט שלעכטע פּלענער, אום צו פערניכטען די
געדריקטע מיט ווערטער פון ליגען, דאַן ווען דער
אָרעמאַן פאָדערט גערעכטיגקייט.
8 אָבער דער פרייגיביגער טראַכט פרייגיביגע פּלענער;
און ער בעשטעהט אויף זיינע פרייגיביגע פּלענער.
9 אָ, זאָרגלאָזע פרויען, שטעהט אויף, הערט מיין שטים;
איהר זיכערע טעכטער, פערנעהמט מיין גערייד.
10 דען טעג און יאָהרען וועלען שוידערען די זיכערע;
דען די טרויבען־זאַמלונג האָט זיך געענדיגט און קיין
פרוכט־זאַמלונג קומט ניט (מעהר).
11 ציטערט, איהר זאָרגלאָזע; שוידערט, איהר זיכערע;
טהוט זיך אויס און דעקט זיך אָפּ נאַקעט און גורט
אָן (אַ זאַק־קלייד) אויף אייערע לענדען.
12 אויף דער ברוסט (זיך קלאַפּענדיג) קלאָגען זיי, נאָך
די פעלדער פון פערגעניגען, נאָך דעם פרוכטבאַרען
ווײנשטאָק.
13 אויף דער ערד פון מיין פאָלק וועלען ווילדע געוויקסען
און דערנער אַרויסוואַקסען; יא, אויף אַלע הייזער
פון לוסטיגקייט פון דער פרעהליכער שטאָדט.

14 דען דער פּלאַטין איז פערלאָזען, די טומעלדיגע שטאָדט
איז אויסגעליידיגט; דער פעסטונג־באַרג און דער
וואַך־טהורעם זיינען געוואָרען אויף אייביג וויסטע
הייהלען, אַ לוסט־פּלאַטץ פאַר מויל־אייזלען, אַ
פיטער־פּלאַטץ פאַר סטאַדעס.

15 ביז עס וועט אַרויפגעגאָסען ווערען אויף אונז אַ גייסט
פון דער הויך; און די וויסטע וועט ווערען אַ פרוכט־
גאָרטען, און דער פרוכטגאָרטען וועט ווי אַ וואַלד
בעטראַכטעט ווערען.

16 און עס וועט רוהען אין דער וויסטע דאָס רעכט; און
גערעכטיגקייט וועט אין פרוכטגאָרטען וואוהנען.

17 און דאָס ווערק פון גערעכטיגקייט וועט זיין פרידען,
און די אַרבייט פון גערעכטיגקייט — רוהיגקייט
און זיכערקייט ביז אייביג.

18 און מיין פאָלק וועט וואוהנען אין א וואוהנונג פון
פרידען, און אין זיכערע וואוהנערטער, און אין זאָרג־
לאָזע רוהע־פּלעצער.

19 און עס וועט האָגלען ווען דער וואַלד וועט אַנידער־
פאַלען און אין דער ערנידרונג וועט נידריג געמאַכט
ווערען די שטאָדט.

20 וואוהל איז אייך, איהר וואָס פערזייהט ביי אַלע
וואַסערען, און שיקט (פריי) אַרויס די פיס פון דעם
אָקס און דעם אייזעל.

קאַפּיטעל לג.

1 וועה דיר, פערוויסטער, וואָס דו (אַליין) ביסט ניט פער־
וויסט; דו פּעררעטהער, וואָס דו (אַליין) ביסט ניט פער־
ראַטהען. ווען דו וועסט ענדיגגען פערוויסטען וועסטו
(אַליין) פערוויסט ווערען, ווען דו וועסט קאָנטשען
פעררעטהען וועט מען דיך (אַליין) פעררעטהען.
2 גאָט, בעגנאַדיג אונז! מיר האָבען געוואַרט אויף דיך;
זיי דו זייער שטיצע יעדען מאָרגען, און אונזער הילף
אין דער צייט פון נויטה.
3 פון דער דונער־שטים זיינען די פעלקער ענטלאָפען;
פון דיין ערהאַבענהייט זיינען די נאַציאָנען צושפּרייט
געוואָרען.
4 און אייער רויב וועט אויפגעזאַמעלט ווערען אַזוי ווי
מען זאַמעלט אויף היישעריקען, אַזוי ווי דאָס גערויש
פון גרילען רוישט עס דאָרט.
5 גאָט איז ערהאַבען, דען ער וואָהנט אין דער הויך;
ער האָט אָנגעפילט ציון מיט רעכט און גערעכ־
טיגקייט.
6 און די זיכערקייט פון דיינע צייטען און די שטאַרקייט
פון (דיין) הילף, וועלען זיין קלוגהייט און וויסען;
גאָטספאָרכטיגקייט, דאָס איז זיין שאַץ.
7 זעה, זייערע העלדען קלאָגען אויף דער גאַס, די שלוחים
פון פרידען וויינען ביטער.
8 פערוויסט זיינען די וועגען, אויפגעהערט האָט דער וועג־

וואַנדערער; ער האָט צושטערט דעם בונד, ער האָט
פעראַכטעט די שטעדט, ער האָט קיין איינזעהענים
ניט מיט קיין מענשען.
9 טרויעריג, נידערגעשלאָגען איז דאָס לאַנד; פערשעמט
איז דער לבנון און איז פערוועלקט; דער שרון איז
געוואָרען ווי אַ וויסטעני, און אָפּגעבלעטערט איז
בשן און כרמל.
10 אַצונד וועל איך אויפשטעהן, זאָגט גאָט; אַצונד וועל
איך זיך דערהויבען, אצונד וועל איך זיך דערהויכען.
11 איהר וועט שוואַנגערן מיט היי, איהר וועט געבערען
שטרוי (און) אייער (אייגענער) אָטהעם וועט אייך ווי
פייער פערצעהרען.
12 און די פעלקער וועלען זיין ווי פערברענטע קאַלך; ווי
אָבגעשניטענע דערנער וועלען זיי מיט פייער אָנגע-
צונדען ווערען.
13 הערט איהר ווייטע, וואָס איך האָב געטהאָן; און
וויסט מיין שטאַרקייט איהר נאָהנטע.
14 עס שרעקען זיך אין ציון די זינדיגע, אַ ציטערנים
האָט אָנגענומען די פאַלשע: ווער פון אונז קען
וואָהנען (אין) דעם פערצעהרענדען פייער? ווער
פון אונז קען וואוהנען אין די אייביגע בראַנדען?
15 דער וואָס געהט אין גערעכטיגקייט און רעדט די
ריכטיגקייט; דער וואָס פעראַכטעט דעם געווינס
פון בערויבונגען; דער וואָס טרייסעלט אָפּ זיינע

הענד פון נעהמען בעשטעכונג; דער וואָס פער־
שטאָפּט זיין אויער פון הערען בלוט, און דריקט צו
זיינע אויגען פון זעהן שלעכטס.

16 ער וועט וואָוהנען אין די הויכקייטען, פעלזען־
טהורעמס זיינען זיין בעפעסטיגונג; זיין ברויט וועט
(איהם) געגעבען ווערען, און זיין וואַסער איז זיכער.

17 דעם קיניג אין זיין שעהנקייט וועלען אָנקוקען דיינע
אויגען; זיי וועלען זעהן דאָס ווייטע לאַנד.

18 דיין הערץ וועט זיפצען (פון) שרעק: „וואו איז דער
וואָס האָט געצעהלט, וואו איז דער וואָס האָט גע־
וואויגען? וואו איז דער וואָס האָט געצעהלט די
טהורעמס?"

19 דאָס פרעכע פאָלק וועסט די ניט זעהן, דאָס פאָלק וואָס
זיין שפּראַך איז הונקעל ניט צו פערשטעהן, זיין
צונג שטאַמעלדיג, אָהן אַ זינן.

20 קוק אָן ציון, די שטאָדט פון אונזער צונויפזאַמלונג;
דיינע אויגען וועלען זעהן ירושלים, אַ רוהיגע
וואָוהנונג, אַ געצעלט וואָס וועט ניט אַוועקגערוקט
ווערען; זיינע פלעקלעך וועלען אייביג ניט אַרויס־
געצויגען ווערען, און קיינע פון זיינע שטריק וועט
ניט צוריסען ווערען.

21 דאָרט איך (מאַכט) גאָט דער מעכטיגער, פאַר אונז אַ
פּלאַטץ פון שטראָמען, און ברייטע פלוסען, וואָס קיין

רודער־שיפעל געהט ניט אויף איהם, און קיין זעגעל־
שיף פאָהרט איהם ניט דורך.
22 דען גאָט איז אונזער ריכטער, גאָט איז אונזער געזעצ־
געבער, גאָט איז אונזער קיניג; ער וועט אונז רעטען.
23 לויז געוואָרען זיינען דיינע שטריק; זיי קענען ניט
ריכטיג בעפעסטיגען זייער מאַסט, זיי קענען ניט
אויסשפּרייטען דעם זעגעל. און פיעל רויב וועט דאַן
צוטהיילט ווערען; און הינקענדיגע אפילו וועלען
(קומען) נעהמען רויב.
24 און עס זאָל ניט זאָגען קיין איינוואָהנער: איך בין
קראַנק. דעם פאָלק וואָס זיצט דאָרט איז די זינד
פערגעבען.

קאפּיטעל לד.

1 נעהנטערט זיך איהר נאַציאָנען צו הערען, און איהר
פעלקער פערנעהמט; זאָל הערען די ערד און אַלין
וואָס אויף איהר איז פאַראַנען, און די וועלט מיט אַלע
איהרע שפּראָצונגען.
2 דען גאָט האָט אַ צאָרען אויף אַלע נאַציאָנען, און אַ
גרימצאָרן אויף זייער גאַנצע אַרמיי; ער פערטיליגט
זיי, ער גיט זיי איבער צו אויסשלאַכטונג.
3 און זייערע ערמאָרדעטע וועלען אַוועקגעוואָרפען ווע־
רען; עס וועט אַרויפשטייגען דער געשטאַנק פון
זייערע טויטע קערפּערס; און די בערג וועלען צורינען
פון זייער בלוט.

4 און עס וועלען צוגעהן אַלע שטערען פון הימעל; און
עס וועלען זיך צונויפוויקלען אַזוי ווי אַ ראָלל די
הימלען, און אַלע זייערע פלאַנעטען וועלען אָפּוועלקען
ווי עס וועלקט אָפּ אַ בלאַט פון וויינשטאָק, ווי אַ
וועלקענדע (בליהונג) פון פייגענבוים.
5 ווען מיין שווערד האָט זיך אין הימעל געזעטיגט דאַן
וועט ער אויף אדום זיך אַראָפּלאָזען און אויף דאָס
פאָלק וואָס איך האָב צו פערטיליגען בעשלאָסען,
אום (עס) צו בעשטראָפען.
6 דער שווערד פון גאָט איז בעדעקט מיט בלוט, ער איז
געזעפטיגט מיט פעטס; מיט דעם בלוט פון לעמער
און בעק, מיט דעם ניערען־פעטס פון באַראַנעס; דען
עס איז ביי גאָט אַן אָפּפערונג אין בצרה, און אַ
גרויסע אויסשלאַכטונג אין דעם לאַנד אדום.
7 און הערנערדיגע הירשען וועלען צוזאַמען מיט זיי
אַרונטערנידערען, און אָקסען און שטירען; און זייער
ערד וועט זיך זעטיגען מיט זייער בלוט, און זייער
שטויב וועט מיט פעטס בעזאַפטיגט ווערען.
8 דען עס איז אַ טאָג פון ראַכע ביי גאָט; אַ יאָהר פון
בעצאָהלונג, צו שטרייטען קעגען ציון.
9 און איהרע שטראָמען וועלען פערביטען ווערען אין
פעך און איהר ערד אין שוועבעל; און איהר לאַנד וועט
זיין ברענענדיגע פעך.
10 נאַכט און טאָג וועט עס ניט פערלאָשען ווערען, אויף

אייביג וועט אַרויפשטייגען איהר רויך; פון דור צו
דור וועט עס וויסט בלייבען; אייף אייביג־אייביג־
קייט וועט קיינער ניט פערבייגעהן דורך איהם.
11 און דער פּעליקאַן־פויגעל און דער יאָזשיק וועלען עס
צונעהמען פאַר זיך, און דער נאַכט־פויגעל און דער
ראָב וועלען וואָוהנען אין איהם; און ער וועט אויס־
ציהען דאַריף אַ מעסט־שנור פון פערוויסטונג און
אַ בלייגעוויכט פון פערניכטונג.
12 זייערע אַדעל־לייט — צווישען זיי וועט ניט זיין קיי־
נער וועמען זיי זאָלען קענען רופען קיניג; און אַלע
איהרע פירסטען וועלען זיין פערשוואונדען.
13 און דערנער וועלען אַרויסוואַקסען אין איהרע פּאַלאַ־
צען, קראָפּיווע און שטעכעדיגע געוויקסען אין איהרע
פעסטונגען; און זי וועט זיין אַ וואָוהנונג פאַר מדבר־
וועלף, אַ הויף פאַר שטרויס־פויגלען.
14 און ווילדע קעץ וועלען זיך בעגעגענען מיט מדבר־
וועלף, און איין ווילדער באָק וועט צו דעם צווייטען
צורופען; בלויז די שרייענדע נאַכט־פויגעל וועט
דאָרט רוהען, און וועט דאָרט איהר רוה־אָרט
געפינען.
15 דאָרט וועט איהר נעסט מאַכען די פיילען־שלאַנג און
וועט אייער לעגען און זיי צוזאַמענזאַמלען און אויס־
בריהען אין איהר שאָטען; בלויז גייער־פויגלען (קאָר־
שונעס) זאַמלען זיך דאָרט איינער צום צווייטען.

16 זוכט אין דעם בוך פון גאָט און לעזט: קיינע פון זיי
וועט ניט פעהלען, קיינע וועט ניט זיין אָהן איהר
פּאָר; דען זיין מויל האָט בעפוילען און זיין גייסט
האָט זיי צוזאַמענגעקליבען.
17 און ער האָט פאַר זיי גורל געוואָרפען, און זיין האַנד
האָט עס צוטהיילט צווישען זיי מיט אַ מעסט־שנור;
ביז אייביג וועלען זיי עס בעזיצען, אויף דור־דורות
וועלען זיי דאָרט וואָהנען.

## קאַפּיטעל לה.

1 פרעהען וועלען זיך די ווילדערניס און די וויסטע, און
לוסטיג זיין וועט די סטעפּע און וועט אויפבליהען
ווי אַ ליליענבלום.
2 אויפבליהען וועט זי און וועט זיך פרעהען מיט פרייד
און מיט זינגען; די פּרעכטיגקייט פון לבנון וועט
איהר געגעבען ווערען, די צירונג פון כרמל און שרון;
זיי וועלען זעהן די פּרעכטיגקייט פון גאָט, דעם
גלאַנץ פון אונזער האַרר.
3 שטאַרקט די שלאַפּע הענד, און די שטרויכלענדע קני
זאָלט איהר קרעפטיגען.
4 זאָגט צו די שוואַך־הערציגע: שטאַרקט זיך, איהר זאָלט
זיך ניט שרעקען, דען אייער גאָט פון ראַכע וועט
קומען, די פערגעלטונג פון גאָט וועט קומען און וועט
אייך רעטען.

5 דאַן וועלען די אויגען פֿון די בלינדע אויפֿגעמאַכט
ווערען, און די אויערען פֿון די טויבע וועלען געעפֿענט
ווערען.
6 דאַן וועט שפּרינגען ווי אַ הירש דער הינקענדיגער, און
זינגען וועט די צונג פֿון דעם שטומען, דען אין דער
וויסטע האָבען אויסגעבראָכען וואַסערען און בעכען
— אין דער סטעפּע.
7 און דער הייסער זאַמד וועט ווערען אַ טייך, — און דאָס
דורשטיגע לאַנד — קוואַלען פֿון וואַסער; די
וואוינונג וואו די מדבר־וועלף רוהען, אַ פּלאַץ פֿאַר
טייך־שטעקלעך און וואַסער־פֿלאַנצען.
8 און דאָרט וועט זיין אַ שטעג און אַ וועג; און „דער
הייליגער וועג" וועט ער אָנגערופֿען ווערען, קיין
אונריינער וועט אויף איהם ניט געהן און ער וועט
זיין (בלויז) פֿאַר זיי (די גערעכטע); דער וועג־וואַנ־
דערער, און דער ניט־געניטער (אפילו) וועלען אויף
איהם ניט פֿערבלאָנדזשען.
9 דאָרט וועט ניט זיין קיין לייב, און קיין ווילדע טהיער
וועט אויף איהם ניט אַרויפֿקומען—זי וועט זיך דאָרט
ניט איינגעפֿינען; און דאָרטען וועלען געהן די
אויסגעלייזטע.
10 און די בעפֿרייטע פֿון גאָט וועלען זיך צוריקקעהרען
און וועלען קומען אין ציון מיט געזאַנג, און אייביגע
פֿרייד וועט זיין אויף זייער קאָפּ; פֿרייד און לוס־

טיגקייט וועלען זיי בּעגעגענען, און קומער און זיפצן — וועלען ענטלויפען.

קאַפּיטעל לו.

1 און עס איז געשעהן אַז אין דעם פערצעהנטען יאָהר פון קיניג חזקיהו איז אַרויפגעגאַנגען סנחריב דער קיניג פון אשור אויף אַלע בעפעסטיגטע שטעדט פון יהודה און האָט זיי איינגענומען.

2 און דער קיניג פון אשור האָט געשיקט רבשקה'ן פון לכיש אין ירושלים צו דעם קיניג חזקיהו מיט אַ גרויסער אַרמיי; און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דעם גראָבען פון דעם איבערשטען טייך, — אויף דעם וועג פון דעם וואַשער'ס פעלד.

3 און אַרויסגעגאַנגען איז צו איהם אליקים דער זוהן פון חלקיהו, — וואָס איז געווען (דער אויפזעהער) איבער'ן הויז, און שבנא דער שרייבער און יואח דער זוהן פון אסף, דער פערצייכענער.

4 און געזאָגט האָט צו זיי רבשקה: זאָגט צו חזקיהו'ן: אַזוי האָט געזאָגט דער גרויסער קיניג, דער קיניג פון אשור: וואָס איז דאָס פאַר אַ פערלאָזען זיך, — וואָס דו האָסט זיך פערלאָזען?

5 איך זאָג: בלויז אַ גערייד פון ליפּען זיינען (דיינע) פּלענער און (דיין) קריגס־שטאַרקייט; און אויף

וועמען האָסטו זיך איצט פערלאָזען, וואָס דו האָסט
ווידערשפּעניגט קעגען מיך?

6 דו האָסט זיך דאָך פערלאָזען אויף די שטיצע פון אָט
דעם צובראָכענעם שטעקען — אויף מצרים — וואָס
ווען אַ מאַן שפּאַרט זיך אָן אָן איהם, געהט ער אַריין
אין זיין האַנד און צולעכערט זי; אַזוי איז פּרעה דער
קיניג פון מצרים פאַר די וואָס פערלאָזען זיך אויף
איהם.

7 און אויב דו וועסט זאָגען צו מיר: מיר פערלאָזען זיך
אויף גאָט, אונזער האַרר; איז דאָס ניט דער זעלבי־
גער וואָס חזקיהו האָט אָבגעשאַפט זיינע הויכע
(אָפּפער־) פּלעצער און זיינע אַלטאַרען, און האָט
געזאָגט צו יהודה און צו ירושלים: פאַר דעם דאָזיגען
אַלטאַר זאָלט איהר זיך בוקען?

8 און איצט פערמעסט זיך נאָר מיט מיין האַרר, דעם
קיניג פון אשור, און איך וועל דיר געבען צוויי
טויזענד פערד אויב דו קענסט דיר קריגען רייטער
פאַר זיי.

9 ווי אַזוי דען ווייזטו צוריק דאָס געזיכט פון אַ פירסט,
איינעם פון די קלענסטע קנעכט פון מיין האַרר, און
פערלאָזט זיך אויף מצרים מיט רייטוועגען און
רייטער?

10 און איצט, בין איך דען אָהן גאָט (׳ס ווילען) געקומען
אויף אָט־דאָס לאַנד, אום עס צו צושטערען? גאָט

האָט געזאָגט צו מיר: געה אַרויף אויף דאָס דאָזיגע
לאַנד און צושטער עס.
11 און געזאָגט האָט אליקים און שבנא און יואח צו
רבשקה: רעד דאָך צו דיינע קנעכט אַראַמיש דען
מיר פערשטעהען, און רעד ניט צו אונז העברעאיש
פאַר די אויערען פון דעם פאָלק וואָס איז אויף דעם
מויער.
12 און געזאָגט האָט רבשקה: צי צו דיר און צו דיין האַרר
האָט מיך מיין האַרר געשיקט צו רעדען די דאָזיגע
ווערטער? איז עס ניט, צו די מענער וואָס זיצען אויף
דער מויער צו עסען זייער דרעק און צו טרינקען
זייער אורין, מיט אייך?
13 און רבשקה איז אויפגעשטאַנען און האָט אויסגערופען
אויף הויכער שטים אין העברעאיש און האָט גע־
זאָגט: הערט די ווערטער פון דעם גרויסען קיניג,
דעם קיניג פון אשור.
14 אַזוי האָט געזאָגט דער קיניג: פערפיהרען זאָל אייך
ניט חזקיהו, דען ער וועט אייך ניט קענען רעטען.
15 און ניט פערזיכערען זאָל אייך חזקיהו אויף גאָט,
זאָגענדיג: רעטען וועט אונז גאָט, און די דאָזיגע
שטאָדט וועט ניט איבערגעגעבען ווערען אין די האַנד
פון קיניג פון אשור.
16 איהר זאָלט זיך ניט צוהערען צו חזקיהו׳ן, דען אַזוי
האָט געזאָגט דער קיניג פון אשור: מאַכט פרידען

מיט מיר, און קומט אַרויס צו מיר, און געניסט יעדער
איינער זיין ווייננאָרטען, און יעדער זיין פייגענבוים,
און טרינקט יעדער דאָס וואַסער פון זיין ברונען.
17 ביז איך וועל קומען און וועל אייך נעהמען אין אַ לאַנד
אַזאַ ווי אייער לאַנד, אַ לאַנד פון געטריידע און
טרויבען־זאַפט, אַ לאַנד פון ברויט און וויינגערטנער.
18 ניט איינרעדען זאָל אייך הזקיהו, זאָגענדיג: גאָט
וועט אונז רעטען; האָבען דען די געטער פון די
פעלקער גערעטעט איטליכער זיין לאַנד פון דער
האַנד פון קיניג פון אשור?
19 וואו זיינען די געטער פון חמת און ארפד? וואו זיינען
די געטער פון ספרוים? און האָבען זיי דען גערעטעט
שומרון פון מיין האַנד?
20 ווער זיינען צווישען אַלע געטער פון די דאָזיגע לענדער
(די) וואָס האָבען גערעטעט זייער לאַנד פון מיין
האַנד, אַז גאָט זאָל רעטען ירושלים פון מיין האַנד?
21 און זיי האָבען געשוויגען און האָבען איהם אַ וואָרט
ניט געענטפערט, דען דער בעפעהל פון קיניג איז
געוועזען אַזוי צו זאָגען: איהר זאָלט איהם ניט
ענטפערען.
22 און געקומען איז אליקים דער זוהן פון חלקיהו וואָס
איז געוועזען (דער אויפזעהער) איבער'ן הויז און שבנא
דער שרייבער און יואח דער זוהן פון אסף, דער פער־
צייכנער, צו חזקיהו'ן מיט צעריסענע קליידער, און

זיי האָבען איהם דערצעהלט די ווערטער פון רבשקה.

קאפיטעל לז.

1 און עס איז געשעהן אַז ווען חזקיהו האָט עס געהערט
האָט ער צוריסען זיינע קליידער און האָט זיך בע־
דעקט מיט אַ זאַק־קלייד און איז אַריינגעגאַנגען אין
דאָס הויז פון גאָט.
2 און ער האָט געשיקט אליקים דעם אויפזעהער איבער'ן
הויז, און שבנא דעם שרייבער, און די עלטסטע פון די
פריסטער, בעדעקט מיט זאַק־קליידער, צו ישעיהו
דעם זוהן פון אמוץ דעם פראָפעט.
3 און זיי האָבען צו איהם געזאָגט: אַזוי האָט געזאָגט
חזקיהו: אַ טאָג פון נויטה און בעליידיגונג און לעס־
טערונג איז דער היינטיגער טאָג; דען די קינדער
זיינען געקומען ביז צו דעם געבער־פלאַטץ און
קראַפט איז ניטאָ צו געווינען.
4 פיעלייכט וועט הערען גאָט דיין האַרר, די ווערטער פון
רבשקה, — וואָס איהם האָט געשיקט דער קיניג פון
אשור זיין האַרר, צו לעסטערען דעם לעבעדיגען גאָט,
און וואָס האָט אונז געזידעלט מיט ווערטער וועלכע
גאָט דיין האַרר האָט געהערט. דרום הויב אויף אַ
געבעט, פאַר דעם רעשט וואָס געפינט זיך (נאָך דאָ).
5 און געקומען זיינען די דיענער פון קיניג חזקיהו צו
ישעיהו.

6 און געזאָגט צו זיי האָט ישעיהו: אַזוי זאָלט איהר זאָגען
צו אייער הארר: אַזוי האָט גאָט געזאָגט: זאָלסט זיך
ניט שרעקען פאַר די ווערטער וואָס דו האָסט גע־
הערט, מיט וועלכע די אינגלעך פון דעם קיניג פון
אשור האָבען מיך געלעסטערט.
7 אָט וועל איך אַריינגעבען אין איהם אַ גייסט, און ער
וועט הערען אַ נאַכריכט, און ער וועט זיך אומקעהרען
צו זיין לאַנד, און איך וועל איהם מאַכען פאַלען דורכ'ן
שווערד אין זיין לאַנד.
8 און אומגעקעהרט האָט זיך רבשקה און האָט געטראָפען
דעם קיניג פון אשור שטרייטענדיג געגען לבנה; דען
ער האָט געהערט אַז ער האָט אָפּגעצויגען פון לכיש.
9 און ער האָט געהערט וועגען תרהקה דעם קיניג פון
כוש, אַזוי צו זאָגען: ער איז אַרויסגעגאַנגען צו
האַלטען שטרייט מיט דיר; און ווען ער האָט
געהערט האָט ער געשיקט געזאַנדטע צו חזקיהו'ן
אַזוי צו זאָגען:
10 אַזוי זאָלט איהר רעדען צו חזקיהו דעם קיניג פון
יהודה, זאָגענדיג: ניט נאַרען זאָל דיך דיין גאָט וואָס
דו פערלאָזט זיך אויף איהם, זאָגענדיג: ירושלים
וועט ניט איבערגעגעבען ווערען אין די האַנד פון
דעם קיניג פון אשור.
11 אָט האָסטו געהערט וואָס די קיניגען פון אשור האָבען

געטהאָן צו אַלע לענדער אום זיי צו פערוויסטען;
און דו וועסט גערעטעט ווערען?

12 האָבען דען די געטער פון די נאַציאָנען וועלכע מיינע
עלטערען האָבען צושטערט, זיי גערעטעט: גוזן און
חרן און רצף און די קינדער פון עדן וואָס אין
תלשר?

13 וואו איז דער קיניג פון חמת און דער קיניג פון ארפד
און דער קיניג פון דער שטאָדט ספרוים, הנע און
עוה?

14 און חזקיהו האָט גענומען דעם בריעף פון דער האַנד
פון די געזאַנדטע און האָט איהם געלעזען, — און ער
איז אַרויפגעגאַנגען צו דעם הויז פון גאָט; און
חזקיהו האָט איהם אויסגעשפרייט פאַר גאָט.

15 און חזקיהו האָט געבעטען צו גאָט, זאָגענדיג:

16 גאָט פון אַרמייען, האַרר פון ישראל, וואָס דו טהראָנסט
איבער די ענגלען, דו אַליין ביסט דער גאָט איבער
אַלע קיניגרייכען פון דער ערד; דו האָסט געמאַכט
די הימלען און די ערד.

17 בייג אַרונטער, גאָט, דיין אויער און הער, עפען אויף,
גאָט, דיין אויג און זעה; און הער די אַלע ווערטער
פון סנחריב, וואָס האָט געשיקט לעסטערען דעם
לעבעדיגען גאָט.

18 ס'איז ריכטיג, גאָט, פערוויסט האָבען די קיניגען פון
אשור אַלע נאַציאָנען און זייערע לענדער;

19 און איבערגעגעבען זייערע געטער צום פייער; ווייל זיי
זיינען קיין געטער ניט, בלויז ווערק פון מענשען־
הענד, האלץ און שטיין, און זיי האבען זיי פער־
ניכטעט.

20 און איצט, גאט אונזער הארר, רעט אונז פון זיין
האנד, און זאלען וויסען אלע קיניגרייכען פון דער
ערד, אז דו אליין ביסט גאט.

21 דאן האט געשיקט ישעיהו דער זוהן פון אמוץ צו
חזקיהו'ן אזוי צו זאגען: אזוי האט געזאגט גאט, דער
הארר פון ישראל: ווייל דו האסט צו מיר געבעטען
וועגען סנחריב דעם קיניג פון אשור —

22 דאס איז דאסווארט וואס גערעדט האט איבער איהם
גאט: עס פעראכטעט דיך, עס שפאטעט פון דיר, די
יונגפרוי, די טאכטער פון ציון; הינטער דיר שאקעלט
דעם קאפ די טאכטער פון ירושלים.

23 וועמען האסטו געזידעלט און געלעסטערט? און אויף
וועמען האסטו (דיין) שטים אויפגעהויבען? דו
האסט דיינע אויגען אקעגען דער הויך אויפגעהויבען,
אקעגען דעם הייליגען פון ישראל.

24 דורך דיינע קנעכט האסטו געלעסטערט גאט, און דו
האסט געזאגט: מיט די פיעל רייטוועגען מיינע, בין
איך ארויפגעשטיגען אויף די הויכקייט פון די בערג,
אויף די עקען פון דעם לבנון, און איך וועל ארונטער־
שניידען די הויך פון זיינע צעדער־בוימער, די פער

פון זיינע ציפרעסען, און איך וועל אַרויפגעהן אויף
זיין העכסטען שפיץ, צו דעם וואַלד פון זיין פרוכט־
גאָרטען.

25 איך האָב (ברונימער) געגראָבען און האָב וואַסער גע־
טרונקען; און איך וועל מיט דער זויל פון מיינע פיס
אויסטריקענען די וואַסער־גראָבענס פון דער
פעסטונג.

26 האָסטו דען ניט געהערט? פון ווייטע צייטען האָב
איך עס געמאַכט, פון די טעג פון פאַרצייטען האָב
איך עס בעשאַפען; און איצט ברינג איך עס און עס
זאָל געשעהן, אום צו פערוויסטען אויף איינגעפאַלענע
הויפענס, די פערפעסטיגטע שטעדט.

27 און זייערע איינוואָוהנער זיינען פון וועניג קראַפט,
זיי האָבען זיך דערשראָקען און האָבען זיך פער־
שעמט; זיי זיינען געוואָרען ווי דאָס קרייטעכטס
פון פעלד און ווי דער גרינער גראָז, ווי דער מאָך פון
די דעכער, און ווי אַ פעלד איידער די שטעהעדיגע
זאַנגען (קומען אַרוים).

28 אָבער דיין זיצען און דיין געהן און דיין קומען ווייס
איך; און אייך דיין בונטעווען זיך געגען מיך.

29 ווייל דו האָסט זיך געבונטעוועט קעגען מיך און דיין
טומעל איז אַרויפגעשטיגען צו מיינע אויערען, דרום
וועל איך אַ רינג אַריינטהאָן אין דיין נאָז, און מיין
צוים אויף דיינע ליפען, און איך וועל דיך אומקעה־

רען אויף דעם וועג וואָס דו ביסט אויף איהם געקומען.

30 און דאָס איז דיר דער צייכען: איהר וועט עסען היינ־
טיגס יאהר דעם נאָכוואוּקס (פון לעצטען יאהר), און
אויף דעם צווייטען יאָהר דעם ווידער־נאָכוואוּקס
(פון פאַר צוויי יאָהרען) און אויף דעם דריטען יאָהר,
זייהט און שניידט, און פלאַנצט וויינגערטנער און
עסט זייער פרוכט.

31 און דער געראַטעטעטער רעשט פון דעם הויז פון יהודה,
וועט אונטען זיך נאָך מעהר איינוואָרצלען, און וועט
אויבען פרוכטען טראָגען.

32 דען פון ירושלים וועט אַרויסקומען אַ'ן איבערבלייב,
און אַ געראַטעטעטער טהייל פון באַרג ציון; דאָס
איינשטעלען זיך (פאַר אונז) פון דעם גאָט פון
אַרמייען וועט דאָס אויפטהאָן.

33 דרום אַזוי האָט געזאָגט גאָט אויף דעם קעניג פון
אשור: ער וועט ניט קומען אין די דאָזיגע שטאָדט
און וועט דאָרטען ניט אַ (איינציגע) פייל שיסען, און
ער וועט ניט קומען קעגען איהר מיט שילדען און
ער וועט אַרום איהר ניט אָנוואַרפען קיין ערד־
באַטעריי.

34 אויף דעם וועג וואָס ער איז אויף איהם געקומען וועט
ער זיך אומקעהרען, און אין די דאָזיגע שטאדט וועט
ער ניט אַריינקומען, זאָגט גאָט.

35 און איך וועל בעשיצען די דאָזיגע שטאָדט אום זי צו
רעטען, צוליעב מיר און צוליעב דוד מיין קנעכט.
36 און אַרויסגעגאַנגען איז אַ'ן ענגעל פון גאָט און האָט
טויט־געשלאָגען הונדערט און פינף און אַכציג
טויזענד אין דעם לאַגער פון אשור; און ווען מען
איז אויפגעשטאַנען אין פריהמאָרגען, זיינען זיי אַלע
געווען טויטע קערפּערס.
37 און סנחריב דער קיניג פון אשור האָט זיך צוריקגע־
צויגען און איז אַוועקגעגאַנגען און האָט זיך אומגע־
קעהרט, און האָט זיך בעזעצט אין נינוה.
38 און עס איז געשעהן, ווען ער האָט זיך געבוקט אין
דעם הויז פון זיין גאָט נסרוך, האָבען אדרמלך און
שראצר זיינע זיהן איהם געטויט דורך'ן שווערד,
און זיי זיינען אַנטרונען געוואָרען אין דעם לאַנד
אררט; און זיין זוהן אסר־חדון איז געוואָרען קיניג
אויף זיין פּלאַטץ.

קאַפּיטעל לח.

1 אין יענע טעג איז קראַנק געוואָרען חזקיהו צו שטאַר־
בען; און געקומען איז צו איהם ישעיהו דער זוהן
פון אמוץ, דער פּראָפעט, און האָט געזאָגט צו איהם:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט: גיב (דיינע) בעפעהלען צו
דיין הויז, דען דו שטאַרבסט און ווערסט ניט בלייבען
לעבען.

2 און אומגעדרעהט האָט חזקיהו זיין געזיכט צום וואַנד
און האָט געבעטען צו גאָט.

3 און ער האָט געזאָגט: אָ גאָט, דערמאָן זיך, ווי איך
האָב זיך אויפגעפיהרט פאַר דיר אין וואַהרהייט און
מיט אַ גאַנצען הערצען; און דאָס וואָס איז גוט אין
דיינע אויגען האָב איך געטהאָן; און געוויינט האָט
חזקיהו אַ גרויס געוויין.

4 און עס איז געוועזן דאָס וואָרט פון גאָט צו ישעיהו אַזוי
צו זאָגען:

5 געה און זאָג צו חזקיהו'ן: אַזוי האָט געזאָגט גאָט, דער
האַרר פון דיין פאָטער דוד: איך האָב צוגעהערט
דיין געבעט, איך האָב געזעהן דיין טהרער; אָט,
וועל איך צולעגען צו דיינע טעג פונפצעהן יאָהר.

6 און פון דער האַנד פון דעם קיניג פון אשור וועל איך
רעטען דיך און די דאָזיגע שטאדט; און בעשיצען
וועל איך די דאָזיגע שטאדט.

7 און דאָס וועט זיין דער צייכען פון גאָט, אַז גאָט וועט
טהון די דאָזיגע זאַך וואָס ער האָט גערעדט:

8 אָט וועל איך צוריקרוקען דעם שאָטען פון די שטאַפּלען,
וואָס האָט אַרונטערגעגנידערט אויף די שטאַפּלען פון
אחז דורך דער זונן, צוריק צעהן שטאַפּלען; און
דאָס זונן־ליכט האָט זיך צוריקגערוקט צעהן שטאַפּ־
לען, אויף די שטאַפּלען, וועלכע זי האָט ארונטער־
גענידערט.

9 די שריפט פון חזקיהו דעם קיניג פון יהודה, ווען ער
איז קראַנק געוועזען און איז געבליבען לעבען פון
זיין קראַנקהייט.

10 איך האָב געזאָגט: אין דער בליהונג פון מיינע טעג
וועל איך אַריינגעהן אין די טהויערען פון דער אונ־
טער־וועלט; איך בין בערויבט פון דעם רעשט פון
מיינע יאָהרען.

11 איך האָב געזאָגט: איך וועל ניט זעהן גאָט, גאָט אין
דעם לאַנד פון די לעבעדיגע; איך וועל ניט אָנזעהן
מעהר קיין מענשען צווישען די איינוואָהנער פון
דער (פערגענגליכער) וועלט.

12 מיין לעבענסצייט איז אָפּגעריסען און איז פון מיר
פערוואָגעלט ווי דאָס געצעלט פון אַ פּאַסטוך; מיין
לעבען (׳ס פאָדעם) איז ווי פון אַ וועבער אָפּגעהאַקט
געוואָרען; ער ווערט מיך פון דעם געוועב אָפּשניידען;
פון טאָג ביז נאַכט וועסטו מיך דערענדיגען.

13 איך האָב זיך פאַרגעשטעלט (אַז) ביז אין דער פריה,
ווי אַ לייב, אַזוי וועט ער אַלע מיינע ביינער צוברע־
כען; פון טאָג ביז נאַכט וועסטו מיך דערענדיגען.

14 אַזוי ווי אַ שוואַלב אָדער אַ לערכען־פויגעל, אַזוי פּיפּצע
איך, איך וואָרקע ווי אַ טויב; אויפגעהויבען זיינען
מיינע אויגען צו דער הויך; בעדריקט ווער איך, אָ
גאָט, נעהם זיך אָן פאַר מיר.

15 וואָס זאָל איך רעדען, ווען ער האָט (עס) מיר געזאָגט

אוּן ער האָט (עס) געטהאָן? איך וואַרף זיך אוּם אַלע
מיינע יאָהרען צוליעב דער ביטערקייט פוּן מיין זעעל.
16 אָ גאָט, אויף זיי (דיינע טהאטען) לעבען (אַלע); אוּן
בלויז דורך זיי איז מיין לעבענס־אָטהעם; אוּן דו
וועסט מיך געזוּנד מאַכען אוּן וועסט מיך ביים לעבען
דערהאַלטען.
17 אָט (האָב איך געהאָפּט) אויף פריעדען, אבער ביטער
איז מיר אוּן פערביטערט; דאָך דו האָסט מיין זעעל
אַרויסגעפאָרדערט פוּן דער גרוּב פוּן פערניכטוּנג,
דען דו האָסט אַוועקגעוואָרפען הינטער דיין רוקען
אַלע מיינע זינד.
18 דען ניט די אוּנטער־וועלט קען דיך לויבען, דער טויט
קען דיך ניט ריהמען; די וואָס נידערען אין דער
גרוּב האָפען ניט אויף דיין וואַרהייט.
19 (בלויז) דער לעבעדיגער, דער לעבעדיגער ער וועט דיך
לויבען אַזוי ווי איך היינט; אַ פאָטער וועט די קינדער
לאָזען וויסען דיין וואַהרהייט.
20 גאָט איז גרייט מיך צו העלפען; אוּן אַלע טעג פוּן
אוּנזער לעבען וועלען מיר מיינע ליעדער זינגען אין
דעם הויז פוּן גאָט.
21 אוּן געזאָגט האָט ישעיהו: זאָל מען נעמען געפּרעסטע
פייגען אוּן איינרייבען אויף דעם געשווילעכטס אוּן
ער וועט געזוּנד ווערען.
22 אוּן געזאָגט האָט חזקיהו: וואָס איז דער צייכען אַז

איך וועל (ווידער) ארויפגעהן צו דעם הויז פון גאט?

## קאפ. לט.

1 אין יענער צייט האט געשיקט מראדך בלאדן, דער זוהן
פון בלאדן, דער קעניג פון בבל בריעף און א געשאנק
צו חזקיהו'ן; דען ער האט געהערט אז חזקיהו איז
קראנק געוועזען, און איז געגעזען געווארען.
2 און דערפרעהט האט זיך מיט זיי חזקיהו און ער האט
זיי געוויזען זיין געווירץ־הויז, דאס זילבער און דאס
גאלד און די שמעקעדיגע קרייטעכטסער און דאס
טהייערע אויל און זיין גאנצען ארסענאל, און אלצ־
דינג וואס האט זיך איינגעפונען אין זיינע שאצ־
קאמערען; עס איז ניט געוועזען א זאך וואס עס האט
זיי ניט געוויזען חזקיהו, אין זיין הויז און אין זיין
גאנצער הערשאפט.
3 און געקומען איז ישעיהו דער פראפעט צו דעם קיניג
חזקיהו, און ער האט צו איהם געזאגט: וואס האבען
(דיר) געזאגט די דאזיגע מענער, און פון וואנען קומען
זיי צו דיר? און געזאגט האט חזקיהו: פון א
ווייטען לאנד זיינען זיי צו מיר געקומען, פון בבל.
4 און ער האט געזאגט: וואס האבען זיי געזעהן אין דיין
הויז? און געזאגט האט חזקיהו: אלצדינג וואס
אין מיין הויז האבען זיי געזעהן; עס איז ניט
געוועזען א זאך וואס איך האב זיי ניט געוויזען, אין

מיינע שאַץ־קאַמערן.
5 און געזאָגט האָט ישעיהו צו חזקיהו'ן: הער דאָס וואָרט
פון דעם גאָט פון די אַרמייען:
6 „אָט וועלען קומען צייטען און עס וועט אַוועקגעטראָגען
ווערען אַלצדינג וואָס אין דיין הויז, און וואָס דיינע
עלטערן האָבען אָנגעזאַמעלט ביז היינטיגען טאָג,
קיין בבל; עס וועט ניט איבערגעלאָזען ווערען קיין
זאַך" — האָט גאָט געזאָגט —
7 „און פון דיינע זיהן, וועלכע וועלען אַרויסגעהן פון דיר,
וועלכע דו וועסט אַרויסברינגען, וועלען זיי צוגעה־
מען; און זיי וועלען זיין הויף־בעדיענטע אין דעם
פּאַלאַץ פון דעם קיניג פון בבל."
8 און געזאָגט האָט חזקיהו צו ישעיהו'ן: גוט איז דאָס
וואָרט פון גאָט וואָס דו האָסט גערעדט. און ער
האָט (ווייעדער) געזאָגט: ווען עס זאָל נור זיין
פריעדען און זיכערקייט אין מיינע טעג!

קאַפּ. מ.

1 טרייסטעט, טרייסטעט מיין פאָלק, זאָגט אייער גאָט.
2 רעדט צו דעם הערצען פון ירושלים, און רופט צו איהר,
אַז פול געוואָרען איז איהר צייט, אַז פערגעבען
געוואָרען איז איהר פערברעך, אַז זי האָט געקריגען
פון דער האַנד פון גאָט דאָפּעל פאַר אַלע איהרע זינד.
3 אַ שטים רופט אין דער וויסטע: ריינוגט אַב דעם וועג

פון גאָט, גלייכט אויס אין דער סטעפּע אַ שטעג פאַר
אונזער האַרר.
4 יעדער טהאָל זאָל אויפגעהויבען ווערען, און יעדער
באַרג און בערגעל זאָל ווערען ניעדריג; און דער קרוּ־
מער פלאַטץ וועט ווערען גלייך און די (באַרג־) שפּי־
צען — אַ טהאָל.
5 און אַנטפּלעקט זאָל ווערען דער גלאַנץ פון גאָט, און
זעהן זאָל יעדער לייב צוגלייך; דען דאָס מויל פון
גאָט האָט גערעדט.
6 אַ שטים זאָגט: רוף! און ער זאָגט: וואָס זאָל איך
רופען? יעדער לייב איז גראָז און זיין גוטסקייט,
ווי די בליהונג פון פעלד.
7 פערטריקענט ווערט דער גראָז, פערוועלקט ווערט די
בליהונג, דען דער אָטהעם פון גאָט האָט געבלאָזען
אויף איהם; יא, גראָז איז דאָס פאָלק.
8 פערטריקענט ווערט דער גראָז, פערוועלקט ווערט די
בליהונג, אָבער דאָס וואָרט פון אונזער גאָט וועט
בעשטעהן אויף אייביג.
9 אויף אַ הויכען באַרג געה דיר אַרויף, אָנזאָגערין פון
ציון; הייב אויף מיט מאַכט דיין שטים, אָנזאָגערין
פון ירושלים; הייב אויף, ניט שרעקען זאָלסטו זיך;
זאָג צו די שטעדט פון יהודה: אָט איז אייער גאָט.
10 אָט קומט גאָט דער האַרר מיט שטאַרקייט און זיין
אָרעם געוועלטיגט פאַר איהם; אָט (קומט) זיין

ליהן מיט איהם, און זיין פערגעלטונג (געהט) איהם
פאָראויס.
11 אַזוי ווי אַ פּאַסטוך וועט ער זיין סטאַדע פיטערן;
מיט זיין אָרעם וועט ער די לעמעלעך אויפקלייבען,
און טראָגען אין זיין בוזעם; פּאַמעליך פיהרען וועט
ער די געקעלבטע.
12 ווער האָט מיט דעם הויפען פון זיין האַנד די וואַסערען
געמאָסטען, און אויסגעמאָסטען די הימלען מיט אַ
שפּאַן, און אין אַ מעסטעל אַריינגעלעגט דעם שטויב
פון דער ערד און געוואויגען אויפ׳ן וואָג די בערג און
די בערגלעך אויף וואָגשאָלען?
13 ווער האָט אויסגעמאָסטען דעם גייסט פון גאָט, (ווער
איז) זיין ראַטהגעבער וואָס זאָל איהם אונטער־
ריכטען?
14 מיט וועמען האָט ער זיך בעראַטהען, וואָס זאָל איהם
געבען צו פערשטעהן, און איהם לערנען דעם וועג
פון ריכטיגקייט, און איהם לערנען קענטעניס, און
דעם וועג פון פערשטאַנד איהם ערקלערען?
15 די נאַציאָנען זיינען דאָך ווי אַ טראָפּען פונ׳ם עמער;
און ווי דער שטויב פון דער וואָגשאָל ווערען זיי
גערעכענט; די אינזלען טראָגט ער דאָך ווי א דינעם
זאַמד אוועק.
16 און דער לבנון איז ניט גענוג פאַר אַ בראַנד, און זיינע
טהיערען ניט גענוג פאַר אַ בראַנדאָפּפער.

17 אַלע נאַציאָנען זיינען ווי נישט קעגען איהם ; ווי גאָר
ניט און נישטיגקייט זיינען זיי פערערעכענט.

18 און צו וועמען ווערט איהר פערגלייכען גאָט ? און
וועלכע געשטאַלט ווערט איהר מאַכען גלייך צו
איהם ?

19 צי די פיגור וואָס דער שמיעד האָט אויסגעגאָסען, און
דער מעטאַל־גיסער האָט זי מיט גאָלד איבער־
געצויגען און זילבערנע קייטעלעך צו איהר צוגע־
לייטה ?

20 און דער וואָס איז אָרעם אין (זיין) געשאַנק, קלייבט
אויס אַ האָלץ וואָס זאָל ניט פוילען ; אַ קינצליכען
מייסטער זוכט ער זיך אויס, אום צו מאַכען (פאַר
זיך) אַ געץ וואָס זאָל ניט וואַקלען זיך.

21 ווייסט איהר דען ניט ? הערט איהר דען ניט ? איז
אייך ניט פון אָנהויב דערצעהלט געוואָרען ? האָט
איהר דען ניט די פונדאַמענטען פון דער ערד
בעטראַכט ?

22 (ער איז) דער וואָס זיצט איבער דעם קרייז פון דער
ערד, ווען איהרע איינוואָוהנער זיינען ווי היישרעי־
קען (בלויז) ; דער וואָס שפּרייט אויס ווי אַ דינע טוך
די הימלען און ציהט זיי אויס ווי אַ געצעלט צום
וואָוהנען.

23 דער וואָס מאַכט די פירסטען צו נישט, (און) מאַכט צו
גאָרניט די ריכטער פון לאַנד.

24 קוים וואָס זיי זיינען איינגעפּלאַנצט געוואָרען, קוים
וואָס זיי זיינען פערזועהט געוואָרען, קוים וואָס זייער
שטאַם איז אין דער ערד איינגעוואָרצעלט געוואָרען
— און נור אַ בלאָז געטהאָן האָט ער אויף זיי, און זיי
ווערען פערטריקענט, און דער שטורם טראָגט זיי
ווי שטרוי אוועק.
25 און צו וועמען וועט איהר מיך פערגלייכען, איך זאָל
(צו איהם) עהנליך זיין? — זאָגט דער הייליגער.
26 הייבט אויף צו דער הויך אייערע אויגען, און זעהט,
ווער האָט די דאָזיגע בעשאַפען? ער, וואָס פיהרט
מיט אַ צאָהל זייער ארמיי אַרויס; זיי אַלעמען רופט
ער מיט'ן נאָמען אָן; פון דעם פיעל־מעכטיגען און
דעם שטאַרק־קרעפטיגען ווערט קיינער ניט פער־
שוואונדען.
27 ווארום זאָגסטו יעקב, און דו רעדסט ישראל: פער־
באָרגען איז מיין וועג פון דעם אייביגען, און מיין
קלאַגע געהט פאַר מיין גאָט פאַרביי.
28 ווייסטו דען ניט? האָסטו דען ניט געהערט? דער
אייביגער האַרר איז גאָט, ער איז דער בעשעפער פון
די עקען פון דער ערד; ער מיהט זיך ניט איין, און
ער ווערט ניט פערמאַטערט; און ניט צו דערפאָר־
שען אין זיין פערשטאַנד.
29 ער גיט דעם מ־דען קראַפט, און דעם מאַכטלאָזען
שענקט ער גרויס שטאַרקייט.

30 און ווערען מיד און פערמאַטערט וועלען די אינגלעך,
און יונגע לייט וועלען געשטרויכעלט ווערען.

31 אבער די וואָס האָפען אויף גאָט וועלען בענייען (זייער)
קראַפט, זיי וועלען אויפהייבען די פליגלען ווי די
אדלערס; זיי וועלען לויפען און זיך ניט איינ־
מאַטערען, זיי וועלען געהן און ניט מיד ווערען.

## קאַפּ. מא.

1 זייט שטיל פאַר מיר איהר אינזלען; און לאָזען די
פעלקער בענייען (זייער) קראַפט; לאָזען זיי זיך
נעהנטערן, דאַן זאָלען זיי רעדען; צוזאַמען וועלען
מיר געהען פאַר געריכט.

2 ווער האָט אויפגעוועקט פון מאָרגענלאַנד (דעם מאַן
פון) גערעכטיגקייט? ער רופט איהם אין זיינע פוס־
טריט; ער גיט איבער די נאַציאָנען פאַר איהם, און
מאַכט (איהם) געוועלטיגען איבער קיניגען; ער
מאַכט (זיי) ווי שטויב (פאַר) זיין שווערד, ווי
געטריבענעם שטרוי (פאַר) זיין בויגען.

3 ער פערפאָלגט זיי; ער געהט אַריבער אין זיכערהייט
אַ שטעג, וועלכען ער האָט (קיינמאָל) מיט זיינע פיס
ניט בעטרעטען.

4 ווער האָט (עס) אויסגעווירקט און אויפגעטהאָן? דער
וואָס רופט די צייטען פון (סאמע) אָנהויב; איך,

גאָט (װעלכער בין) דער ערשטער, און ביז די לעצטע
װעל איך דערזעלבער זיין.
5 די אינזלען האָבען געזעהן און זיי שרעקען זיך; די
עקען פון דער ערד ציטערן; זיי האָבען זיך גע־
נעהענט און זיינען געקומען.
6 זיי העלפען איין מאַן דעם אַנדערען; און (יעדער)
זאָגט צו זיין ברודער: שטאַרק זיך.
7 און דער שמיד שטאַרקט דעם שמעלצער; דער װאָס
פערגלעט מיט'ן האַמער, דעם װאָס קלאַפּט דעם
אַמבאָס; ער זאָגט: די צוזאַמענלעטהונג איז גוט,
און ער פערפעסטיגט זי מיט טשװעקלעך אום זי זאָל
זיך ניט ריהרען.
8 און דו, ישראל, מיין קנעכט; יעקב, װעלכען איך האָב
אויסערװעהלט, דער זאַמען פון אברהם מיין פריינד,
9 װאָס איך האָב דיך פעסט אָנגענומען פון די עקען פון
דער ערד און פון איהרע (פערשיעדענע) טהיילען האָב
איך דיך אַרויסגערופען, און איך האָב געזאָגט צו דיר:
מיין קנעכט ביסטו, איך האָב דיך אויסערװעהלט,
און איך האָב דיך ניט פעראַכטעט.
10 דו זאָלסט ניט שרעקען זיך, דען מיט דיר בין איך;
דו זאָלסט ניט צוטראָגען זיין, דען איך בין דיין גאָט;
איך קרעפטיג דיך און העלף דיך; איך שטיין דיך
מיט דער רעכטער האַנד פון מיין גערעכטיגקייט.
11 דען שעמען זיך און צו שאַנד װעלען װערען די װאָס

היצען זיך קעגען דיר; זיי וועלען זיין ווי נישט;
און אונטערגעהען וועלען די וואָס שטרייטען מיט
דיר.
12 דו וועסט זיי זוכען און וועסט זיי ניט געפינען — די
וואָס קריגען זיך מיט דיר; ווי נישט און גאָרניט
וועלען זיין די וואָס קעמפּפען קעגען דיר.
13 דען איך, גאָט דיין האַרר, דער וואָס האַלט דיך פאַר
דער רעכטער האַנד (בין דער) וואָס זאָגט דיר:
זאָלסט זיך ניט שרעקען, דען איך העלף דיר.
14 ניט שרעקען זאָלסטו זיך, דו וואָרעם פון יעקב,
הייפעלע פון ישראל; איך העלף דיר — זאָגט גאָט —
און דיין אויסלעזער איז דער הייליגער פון ישראל.
15 אָט מאַך איך דיך פאַר אַ שאַרפען דרעש־ראָד, אַ נייעס,
וואָס האָט צייהנער; דו וועסט צודרעשען בערג און
צורייבען; און בערגלעך וועסטו ווי שפּריי מאַכען.
16 דו וועסט זיי צואוואַרפען, און דער ווינד וועט זיי
אַוועקטראָגען, און דער שטורעם וועט זיי צושפּריי־
טען; און דו וועסט זיך פרעהען מיט גאָט; מיט
דעם הייליגען פון ישראל וועסטו זיך ריהמען.
17 די אָרעמע און די נויטבעדירפטיגע זוכען וואַסער און
ס'איז ניטאָ; און זייער צונג איז פון דורשט פער־
טריקענט; איך, גאָט, וועל זיי ענטפערן; (איך)
דער האַרר פון ישראל וועל זיי ניט פערלאָזען.
18 איך וועל אויף די נאַקעטע באַרג־שפּיצען אויפעפענען

טייכען; און אין די טהאָלען וועל איך אויסברעכען
קוואַלען; איך וועל פון דער וויסטע מאַכען — אַ
סאַזשעקע פון וואַסער; און פון דעם פערטריקענטען
לאַנד — וואַסער־אויסגוסען.

19 איך וועל איינזעצען אין דער וויסטע דעם צעדער, דעם
שקאַציענבוים, און דעם מירטענבוים און דעם אויל־
בוים; איך וועל פלאַנצען אין דער סטעפּע דעם
ציפּרעס און דעם טענענבוים און דעם בוקסענבוים
צוזאַמען.

20 אום זיי זאָלען זעהן און וויסען און אַריינטהאָן זיך (אין
זינען) און בעגרייפען צוזאַמען, אַז די האַנד פון גאָט
האָט עס געטהאָן, און דער הייליגער פון ישראל
האָט עס בעשאַפען.

21 דערנעהנטערט אייער שטרייט, זאָגט גאָט; ברינגט
פאָר אייערע טענות, זאָגט דער קיניג פון יעקב.

22 לאָזען זיי פאָרברינגען און אונז דערצעהלען די (זאַכען)
וואָס פאַסירען; די פריהערדיגע — וואָס זיינען זיי?
זאָגט אונז, מיר זאָלען צולעגען אונזער געדאַנקען,
און מיר זאָלען וויסען זייער אויסלאָז; אָדער לאָזט
אונז די צוקינפטיגע (פאַסירונגען) הערען.

23 דערצעהלט אונז די (זאַכען) וואָס וועלען אין צוקונפט
פאַסירען, אום מיר זאָלען וויסען אַז איהר זייט
געטער; אַז אויך איהר קענט גוטס אָדער שלעכטס

איופּטהון, און מיר זאָלען זיך פערוואונדערן און (עס) אָנקוקען צוזאַמען.

24 איהר זייט דאָך פון נישט, און אייער ווערק איז פון גאָרניט; אַ'ן אַבשייליכקייט איז דער וואָס וועהלט אייך אויס.

25 איך האָב (איהם) פון צפון אויפגעוועקט און ער קומט; פון דעם זונענאויפגאַנג (קומט) דער וואָס רופט מיין נאָמען; און ער טרעט אויף פירסטען ווי אויף ערד און אזוי ווי דער טעפּער טראַמפּעלט דעם לעהם.

26 ווער האָט פון אָנהייב דערצעהלט, אום מיר זאָלען וויסען? און פון פאָראויס — אום מיר זאָלען זאָגען „ער איז גערעכט“? קיינער צומאָל דערצעהלט ניט, קיינער צומאָל לאָזט ניט הערען, קיינער צומאָל הערט ניט אייערע ווערטער.

27 איך (רוף) דער ערשטער צו ציון: אָט דאָ זיינען זיי; און צו ירושלים ברינג איך אַ'ן אָנזאָגער.

28 און איך קוק זיך אום, און עס איז קיין מאַן ניטאָ; און צווישען די (אַלע) איז קיין ראַטהגעבער ניטאָ, אום איך זאָל פרעגען און זיי זאָלען אַ וואָרט ענטפערן.

29 דען זיי אַלע זיינען נישט; זייער ווערק איז גאָרנישט; ווינד און פוסטקייט זיינען זייערע געגאָסענע געצען.

קאפּ. מב.

1 אָט איז מיין קנעכט וועלכען איך וועל שטיצען; מיין
אויסערוועהלטער וועלכען מיין זעעל בעגעהרט;
איך האָב אַרויפגעגעבען מיין גייסט אויף איהם; אַן
אורטהייל איבער די פעלקער וועט ער אַרויסלאָזען.
2 ער וועט ניט שרייען און ער וועט ניט הילכען; און
ער וועט ניט לאָזען הערען דרויסען זיין שטים.
3 אַ צושפּאָלטענעם שטעקען וועט ער ניט צוברעכען;
אַ דונקעלען פלאַקס־קנויט וועט ער ניט פערלעשען;
מיט וואַהרהייט וועט ער אַ'ן אורטהייל אַרויסלאָזען.
4 ער וועט ניט מיד ווערען און וועט ניט אָבגעשוואַכט
ווערען, ביז ער וועט ברינגען אויף דער ערד גערעכ־
טיגקייט; און אויף זיין לעהרע וואַרטען די אינזעל־
לענדער.
5 אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער איביגער, דער וואָס האָט
בעשאַפען די הימלען און זיי אויסגעצויגען; דער
וואָס האָט אויסגעשפּרייט די ערד מיט איהרע
שפּראָצונגען; דער וואָס גיט אָטהעם צו דעם פאָלק
וואָס אויף איהר און (לעבענס־)גייסט צו די וואָס
געהען איבער איהר:
6 איך, גאָט, האָב דיך פאַר אַ הילף אַרויסגערופען: און
איך וועל אָננעהמען דיין האַנד און איך וועל דיך
אָבהיטען, און איך וועל דיך מאַכען אַ בונד (־צייכען)
פאַר דאָס פאָלק, אַ ליכט פאַר די נאַציאָנען;

7 אום צו עפענען די בלינדע אויגען; און אַרויסצוציהען פון געפענקנים די פערשפאַרטע; פון דעם תפיסה־הויז די וואָס זיצען אין דער פינסטער.
8 איך בין דער אייביגער, דאָס איז מיין נאָמען; און מיין פראַכט וועל איך קיין אנדערען ניט געבען, און מיין רוהם — ניט צו קיין געצען.
9 די פריהערדיגע האָבען דאָך שוין פּאַסירט, און די נייע (פּאַסירונגען) טהו איך אָנזאָגען; איידער זיי וועלען אַרויסשפּראָצען וועל איך אייך לאָזען הערען.
10 זינגט צו גאָט אַ נייעס ליעד; (זינגט) זיין רוהם פון דעם עק פון דער ערד, איהר די וואָס נידערט אויפ'ן ים, און אַלץ וואָס פילט איהם אָן; די אינזלען מיט זייערע בעוואָוהנער.
11 הילכען וועט די וויסטע און איהרע שטעדט; די פלעצער וואו קדר וואָוהנט; זינגען וועלען די פעלז־בעוואָוהנער; פון דעם שפּיץ פון די בערג וועלען זיי פון פרייד אויפשרייען.
12 זיי וועלען אָבגעבען עהרע צו גאָט, און זיין רוהם אין די אינזלען דערצעהלען.
13 גאָט געהט ווי אַ העלד אַרויס; ווי אַ קריעגסמאַן וועקט ער (זיין) צאָרן אויף; ער שאַלט און ער לאָזט אַ קריעגס־געשריי אַרויס; קעגען זיינע פיינד בעווייזט ער זיין שטאַרקייט.
14 איך האָב געשוויגען פון שטענדיג; איך פלעג שטיל

זיין און זיך איינהאַלטען ; (איצט) וועל איך ווי אַ
געווינערין אויפשרייען ; איך וועל פערוויסטען און
וועל פערשלינגען (אַלצדינג) צוזאַמען.
15 איך וועל מאַכען וויסט די בערג און די הויכע פלעצער;
און אַלע זייערע גראָזען וועל איך פערטריקענען ;
און איך וועל אומענדערען טייכען אויף אינזלען ;
און סאזעווקעס וועל איך אויסטריקענען.
16 און איך וועל מאַכען געהן די בלינדע אויף אַ וועג
וועלכען זיי האָבען ניט געקענט ; אין שטעגען פון
וועלכע זיי האָבען ניט געוואוסט, וועל איך זיי
פיהרען ; איך וועל די פינסטערנים פאַר זיי אומ־
בייטען אין ליכטיגקייט, און קרומע ערטער אויף אַ
גלייך פעלד ; אָט די זיינען די זאַכען וועלכע איך טהו
און לאָז זיי ניט אויס.
17 אָבגעטרעטען זיינען אַהינטער, פערשעמט זיינען די
וואָס האָבען זיך פערלאָזען אויף אַ'ן אויסגעהאַקטען
געץ, די וואָס האָבען צו אויסגעגאָסענע געשטאַלטען
געזאָגט : איהר זייט אונזערע געטער.
18 איהר טויבע, הערט ; און איהר בלינדע קוקט, אום
צו זעהען.
19 ווער איז בלינד, אויב ניט מיין דיענער ? און טויב
ווי מיין געזאַנדטער וואָס איך שיק ? ווער איז בלינד
ווי דער קנעכט (מיינער), און בלינד ווי דער דיענער
פון גאָט ?

20 דו זעהסט פיעל זאַכען אבער דו בעמערקסט ניט; די
אויערען געעפענט, אבער ער הערט ניט.

21 גאָט בעוויליגט (עס) צוליעב זיין גענאָד; ער גרייסט
זיי לעהרע און באַשענט (זי).

22 און ער איז אַ בערויבט און צוראבירט פאָלק; מען
פאַנגט זיי אין גריבער אַלעמען, און אין הייזער
פון געפענקענים ווערען זיי פערשפאַרט; זיי זיינען
געוואָרען צו רויב און עס איז ניטאָ קיין רעטער, צו
אויסרויבונג און ס'איז ניטאָ ווער עס זאָל זאָגען:
האַלט אָב.

23 ווער צווישען אייך וועט דאָס אויער צולעגען צו דעם
דאָזיגען? וועט פערנעהמען און צוהאָרכען זיך צו
דער צוקונפט?

24 ווער האָט יעקב'ן צו רויב איבערגעגעבען, און ישראל'ן
צו ראַבירערס? צי דען ניט גאָט, דער וואָס מיר
האָבען געזינדיגט קעגען איהם און זיי האָבען ניט
געוואָלט אין זיינע וועגען געהן, און זיי האָבען ניט
געהאָרכט זיין לעהרע?

25 און ער האָט אויסגעגאָסען אויף איהם די גלוט פון זיין
צאָרן, און די וואוטה פון קריעג; און זי האָט זיך
צופלאַמט אַרום איהם, אבער ער האָט עס ניט
בעמערקט; און זי האָט איהם געברענט, אבער ער
האָט (עס) צום הערצען ניט גענומען.

קאפּ. מג.

1 און אצינד, אַזוי זאָגט גאָט, דער וואָס האָט דיך בעשאַ־
פען, יעקב; און דער וואָס האָט דיך געפורעמט,
ישראל: ניט שרעקען זאָלסטו זיך, דען איך לייז דיך
אויס; איך רוף דיך ביי'ם נאָמען; דו בעלאַנגסט
צו מיר.
2 ווען דו געהסט דורך וואַסער בין איך מיט דיר, און
דורך טייכען — וועלען זיי דיך ניט פערפלייצען;
ווען דו געהסט אין פייער וועסטו ניט פערשמאַליעט
ווערען און קיין פלאַם וועט דיך ניט ברענען.
3 דען איך, גאָט דיין האַרר, דער היילינער פון ישראל, בין
דיין רעטער; איך האָב געגעבען מצרים אַלס דיין
אויסלייז־געלד; כוש און סבא שטאָט דיך;
4 ווייל דו ביזט טהייער אין מיינע אויגען (און) געאַכטעט,
און איך ליעב דיך; און איך גיב אָב מענשען
שטאָט דיך, און פעלקער שטאָט דיין זעעל.
5 ניט שרעקען זאָלסטו זיך, דען איך בין מיט דיר; פון
מזרח וועל איך דיין זאַמען ברינגען, און פון מערב
וועל איך דיך צוזאַמענקלייבען.
6 איך וועל זאָגען צום צפון: גיב אָפּ; און צום דרום:
האַלט ניט צוריק; ברינג מיינע זיהן פון דער ווייטען,
און מיינע טעכטער פון דעם עק פון דער ערד.
7 יעדען וואָס ווערט מיט מיין נאָמען גערופען און וואָס

איך האָב צו מיין עהרע בעשאַפען, געפֿורעמט און
געמאַכט.
8 ברינג ארויס דאָס פאָלק וואָס איז בלינד כאָטש עס האָט
אויגען; און די וואָס זיינען טויב כאָטש זיי האָבען
אויערען.
9 אַלע פעלקער זאָלען זיך אויפקלייבען צוזאַמען, און
לאָזען זיך צונויפזאַמלען די נאַציאָנען; ווער צווי־
שען זיי קען דאָס דאַזיגע פאָראויסזאָגען? ענט־
ווערער זאָלען זיי אונז די פריהערדיגע (פּאסירונגען)
לאָזען הערען; זאָלען זיי זייערע בעווייזע ברינגען
און זיך גערעכט מאַכען; אָדער לאָזען זיי הערען
און זאָגען: ס'איז ריכטיג.
10 איהר זייט מיינע עדות, זאָגט גאָט; און מיין קנעכט
וועלכען איך האָב אויסגעוועהלט; אום איהר זאָלט
וויסען און פערטרויען אויף מיר; און איהר זאָלט
פערשטעהן אַז איך בין דער וואָס פאַר איהם איז קיין
גאָט ניט בעשאַפען געוועזען, און נאָך מיר וועט
(קיינער) ניט זיין.
11 איך, איך בין דער אייביגער און אויסער מיר איז קיין
רעטער ניטאָ.
12 איך האָב עס פאָראויסגעזאָגט און איך האָב גערעטעט;
און איך האָב עס געלאָזט הערען, און קיין פרעמדער
איז צווישען אייך ניט געוועזען; און איהר זייט
מיינע עדות, זאָגט דער אייביגער, און איך בין גאָט.

13 יאָ, פֿון (ערשטען) טאָג בין איך עס, און עס איז קיין
רעטער פון מיין האַנד ניטאָ; ווען איך טהו, ווער
וועט עס צוריקהאַלטען?
14 אַזוי האָט געזאָגט גאָט, אייער אויסלייזער, דער
הייליגער פון ישראל: פֿון אייערטוועגען האָב איך
קיין בבל געשיקט, און איך האָב אַלע ריגלען ארונ־
טערגעקלאַפּט; און די כשדים — זייער געזאַנג
(קלינגט) פון שיפען אַרונטער.
15 איך, גאָט, בין אייער הייליגער, דער בעשעפער פון
ישראל, דער קיניג אייערער.
16 אַזוי האָט געזאָגט גאָט, דער וואָס מאַכט אין ים אַ
וועג; און דורך די מעכטיגע וואַסערען אַ שטעג.
17 דער וואָס פיהרט אָן רייטוועגען און פערד, אַרמיי און
מאַכט; צוזאַמען ווערען זיי ליעגען און וועלען ניט
אויפשטעהן; זיי צאַנקען, זיי לעשען ווי אַ פלאַקס־
קנויט זיך אויס.
18 איהר זאָלט ניט דערמאָנען די פריהערדיגע (פּאַסירונ־
גען); די פאַרצייטיגע זאָלט איהר ניט בעטראַכטען.
19 דען איך טהו איין אַ נייס, איצט וועט עס אַרויסשפּראָ־
צען; וועט איהר עס דען ניט וויסען? יאָ, איך וועל
מאַכען אין דער וויסטע אַ וועג, און טייכען אין דער
וויסטעניי.
20 דאָס טהיער פון פעלד וועט מיר עהרע אָבגעבען,
מדבר־וועלף און שטרויס־פייגלען, ווייל איך מאַך וואַ־

סערן אין דער ווסטע, און טייכען אין דער וויסטעניי
אום אָנצוטרינקען מיין פאָלק, מיין אויסערוועהלטעס.
21 דאָס דאָזיגע פאָלק וואָס איך האָב מיר געפורעמט,
זיי וועלען מיין רוהם דערצעהלען.
22 און מיך האָסטו ניט גערופען, יעקב; (איז עס) ווייל
דו ביזט פון מיר מיד געוואָרען, ישראל?
23 דו האָסט מיר דעם לאַם פון דיינע בראַנד־אָפּפער ניט
געבראַכט, מיט דיינע שלאַכט־אָפּפער האָסטו מיך
ניט געעהרט; איך האָב דיך ניט בעלעסטיגט מיט
שפייז־אָפּפערס, איך האָב דיך מיט ווייהרויך ניט
פערמאַטערט.
24 דו האָסט מיר ניט פאַר געלד געווירץ־שטעקלעך
געקויפט; מיט דעם פעטס פון שלאַכט־אָפּפער
האָסטו מיך ניט געזעטיגט; נאָר בעלעסטיגט
האָסטו מיך מיט דיינע זינד, פערמאַטערט האָסטו
מיך מיט דיינע פערברעכען.
25 איך, איך בין עס דער וואָס ווערט אויסמעקען דיינע
פערברעכען צוליעב מיר אַליין; און דיינע זינד
וועל איך ניט געדענקען.
26 רוף מיך (און) מיר וועלען צוזאַמען פאַר געריכט געהן;
דערצעהל דו אום דו זאָלסט זיך גערעכט מאַכען.
27 דיין ערשטער פאַטער האָט געזינדיגט, און דיינע פער־
טהיידיגער האָבען געבראָכען אן מיר.
28 דרום וועל איך פערשוועכען די הייליגע פירסטען;

און וועל איבערגעבען צום פלוך יעקב'ן, און ישראל'ן
צו שפאָט.

## קאפ. מד.

1 און אַצינד הער, יעקב מיין קנעכט; און ישראל וועל־
כען איך האָב אויסערוועהלט.
2 אַזוי האָט געזאָגט גאָט: דער וואָס האָט דיך בעשאַפען
און דיך פון מוטערלייב אָן געפורעמט, וועט דיך
העלפען; ניט שרעקען זאָלסטו זיך מיין קנעכט,
יעקב; און דו, ישורון, וועלכען איך האָב אויסגע־
וועהלט.
3 אַזוי ווי איך גיס וואַסער אַרונטער אויף דאָס דאַרשטיגע
(לאַנד) און רעגענ־טראָפענס אויף דאָס טריקענעס, וועל
איך אַראָבגיסען מיין גייסט אויף דיין זאמען, און
מיין בענשונג אויף דיינע שפּראָצונגען.
4 און זיי וועלען אַרויסוואַקסען אַזוי ווי צווישען גראָז;
ווי ווערבעס אויף בעכען פון וואַסער.
5 דער וועט זאָגען: איך געהער צו גאָט; און דער וועט
(זיך) רופען מיט דעם נאָמען פון יעקב; און דער וועט
זיך פערשרייבען (מיט) זיין האַנד צו דעם אייביגען און
וועט זיך בעטיטלען מיט דעם נאָמען פון ישראל.
6 אַזוי האָט געזאָגט דער אייביגער, דער קעניג פון ישראל
און זיין אויסלייזער, דער גאָט פון אַרמייען: איך בין
דער ערשטער, און איך בין דער לעצטער און אויסער

מיר איז קיין גאָט ניטאָ.
7 און ווער עס איז ווי איך, דער זאָל עס אָנרופען און
דערצעהלען און עס אויסלעגען פאַר מיר, (דאָס וואָס
האָט פּאַסירט) זינט איך האָב בעשאַפען דאָס אייביג
פאָלק; און צוקינפטיגע (פּאַסירונגען) און די וואָס
וועלען קומען זאָלען זיי דערצעהלען.
8 ניט ציטערן, ניט שרעקען זיך זאָלט איהר; האָב איך
ניט פון אַמאָל דיך געלאָזט הערען און דערצעהלט?
און איהר זייט מיינע עדות: איז אויסער מיר אַ גאָט
פאַראַן? עס איז ניטאָ קיין (בעשיצענדער) פעלז
וואָס איך וויים ניט.
9 די געצענמאַכערס זיינען אין גאַנצען פּוסטקייט; און
זייערע טהייערע (אָבגעטער) ברינגען קיין נוצען ניט;
און זיי אַליין זיינען זייערע (אייגענע) עדות, אַז זיי
זעהען ניט און ווייסען ניט, אום זיי זאָלען פערשעמט
ווערען.
10 ווער איז דער וואָס האָט געפורעמט אַ גאָט, און אויס־
געגאָסען אַ געץ וואָס ברינגט קיין נוצען ניט?
11 אָט וועלען אַלע זיינע פריינד פערשעמט ווערען; דען
די מייסטערס אַליין זיינען (דאָך בלויז) מענשען;
פערזאַמלען וועלען זיי זיך אַלע, שטעהן, ציטערן (און)
זיך שעמען צוזאַמען.
12 (איינער) שמידט פון אייזען אַ האַק; אַרבייט זי
אויס אויף קויהלען; פורעמט זי מיט האַמערס; און

מייסטערט זי מיט זיין שטאַרקען אָרעם אויס; און
הונגעריג ווערט ער און אָהנמעכטיג; ער טרינקט
ניט און ווערט אויסגעמאַטערט.
13 (אַן אַנדערער) מייסטערט פון האָלצשטיקער; ציהט אַ
מעסט־שנור; צייכענט עס אויס מיט אַ שטיפט;
אַרבייט עס אַרום מיט הובלען; און מאַרקירט עס
מיט אַ צירקעל; און ער מאַכט עס ווי די געשטאַלט
פון אַ מאַן, ווי די שענע (פיגור) פון אַ מענשען, אום
עס זאָל וואוהנען אין אַ הויז.
14 ער האַקט זיך אויס צעדערן; און ער נעהמט דעם
דעמב און דעם טערפּענטין־בוים;און קלייבט זיך אויס
צווישען די ביימען פון וואַלד; ער פלאַנצט אַ יאַסי־
נאָווען בוים און דער רעגען ברינגט איהם אויף.
15 און עס איז פאַר דעם מענשען אויף ברענוואַרג; און
ער נעהמט דערפון און וואַרעמט זיך אָן, און ער
הייצט איין און באַקט ברויט; און דאַן מאַכט ער
אַן אָבגאָט און בוקט זיך; אַרבייט אויס אַ געץ און
קניעט זיך צו איהם.
16 אַ העלפט דערפון האָט ער אין פייער פערברענט;
אויף אַ העלפט דערפון עסט ער פלייש; בראָט אַ
בראַטען און זעטיגט זיך; און וואַרעמט זיך צוגלייך
און זאָגט: אַהאַ, איך האָב זיך אָנגעוואַרעמט, איך
שפיר דעם פייער.
17 און דעם רעשט מאַכט ער פאַר אַ'ן אָבגאָט, פאַר א

גען; קניעט זיך צו איהם און בוקט זיך, און בעט
צו איהם און זאָגט: רעטע מיך, דען דו ביזט מיין
גאָט.

18 זיי ווייסען ניט און זיי בעטראַכטען ניט; פערשמירט
זיינען זייערע אויגען ניט צו (קענען) זעהן, זייערע
הערצער — ניט צו (קענען) פערשטעהן.

19 און ער נעהמט ניט אויף זיין זינען, און האָט קיין
קענטניס ניט און קיין פערשטאַנד צו זאָגען: אַ
העלפט דערפון האָב איך פערברענט אין פייער, און
האָב נאָך ברויט געבאַקט אויף זיינע קויהלען;
פלייש געבראָטען און געגעסען, און פון דעם רעשט
זאָל איך אַ'ן אַבשייליכקייט מאַכען, צו אַ שטיק
האָלץ זאָל איך זיך קניען?

20 ער יאָגט זיך נאָך אַש; אַ פערנאַררט הערץ האָט
איהם פערדרעהט; און ער רעטעט ניט זיין זעעל; און
ער זאָגט ניט: איז דען ניט ליגען אין מיין רעכטער
האַנד?

21 געדענק די דאָזיגע (זאכען), יעקב און ישראל; דען דו
ביזט מיין קנעכט; איך האָב דיך געפורעמט, אַ
קנעכט ביזטו מיר; ישראל, דו וועסט פון מיר ניט
פערגעסען ווערען.

22 איך האָב ווי אַ וואָלקען דיינע פערברעכען אָבגעמעקט,
ווי אַ כמאַרע — דיינע זינד; קעהר זיך אום צו מיר,
דען איך האָב דיך אויסגעלייזט.

23 זינגט, איהר הימלען דען גאָט האָט (עס) געטהאָן;
שאַלט איהר טיעפעניסען פון דער ערד; ברעכט
אויס, איהר בערג, אין געזאַנג, דער וואַלד און יעדער
בוים אין איהם; דען גאָט האָט אויסגעלייזט יעקב'ן
און ציערט זיך מיט ישראל'ן.
24 אַזוי האָט געזאָגט דיין אויסלייזער און דער וואָס האָט
דיך פון מוטערלייב אָן געפורעמט: איך בין דער גאָט
וואָס האָט אַלצדינג בעשאַפען; וואָס האָט אויס־
געצויגען די הימלען איינער אַליין; וואָס האָט אויס־
געשפרייט די ערד פון זיך אַליין;
25 וואָס מאַכט צו נישט די צייכענס פון די וואָהרזאָגערס
און צומישט די צויבערערס; וואָס מאַכט די קלוגע
צוריקגעהן און בענאַרישט זייער פערשטאַנד;
26 וואָס ערפילט דאָס וואָרט פון זיין קנעכט, און פיהרט
אויס דעם ראַטה פון זיינע געשיקטע; דער וואָס
זאָגט אויף ירושלים: זי זאָל בעזעצט ווערען; און אויף
די שטעדט פון יהודה: זיי זאָלען אויפגעבויט ווערען,
און איהרע חורבות וועל איך אויפשטעלען.
27 דער וואָס זאָגט צו דער טיעפעניש: ווער טריקען, און
דיינע שטראָמען וועל איך אויסטריקענען.
28 דער וואָס זאָגט פון כורש: (ער איז) מיין פאַסטוך,
און יעדען בעגעהר מיינעם וועט ער ערפילען, און
זאָגען אויף ירושלים: אויפגעבויט ווערען זאָל זי, און
(דו) טעמפעל, ווער געגרינדעט!

קאפּ. מה.

1 אַזוי האָט געזאָגט גאָט צו זיין געזאַלבטען, צו כורש'ן,
וואָס איך שטיץ זיין רעכטע האַנד אום אונטער־
טהעניג צו מאַכען די נאַציאָנען פאַר איהם; און
מאַך די לענדען פון די קעניגען לויז, אום צו עפענען
טהירען פאַר איהם, און טויערען זאָלען ניט פער־
שלאָסען בלייבען.
2 איך וועל געהן דיר פאָראויס, און הויכע פלעצער פלאַך
מאַכען; טהירען פון קופּער וועל איך צוברעכען,
און ריגלען פון אייזען וועל איך דורכהאַקען.
3 און איך וועל דיר אוועקשענקען די שאַצען פון דער
פינסטערנים, און די אוצרות פון די פערבאָרגעניסען,
אום דו זאָלסט וויסען אַז איך גאָט, בין עס וואָס
רופט דיך מיט'ן נאָמען, דער האַרר פון ישראל;
4 צוליעב מיין דיענער יעקב, און ישראל מיין אויס־
ערוועהלטען. און איך האָב דיך גערופען מיט דיין
נאָמען; איך האָב דיך בעטיטולט און דו האָסט מיך
ניט אַנערקענט.
5 איך בין דער אייביגער און מעהר (קיין אנדערער) איז
ניטאָ; אויסער מיר איז קיין גאָט ניט פאַראַנען;
איך האָב דיך אָנגעגורט כאָטש דו האָסט מיך ניט
אַנערקענט —
6 אום זיי זאָלען וויסען פון דעם זונענאויפגאַנג, און פון
דעם זונענאונטערגאַנג אז עס איז ניטאָ אויסער מיר;

איך בין דער אייביגער און מעהר (קיין אנדערער) איז ניטאָ.

7 (איך) פורעם ליכטיגקייט און בעשאַף פינסטערנים; (איך) מאַך פריעדען און בעשאַף אונגליק; איך, גאָט, טהו אָט די אַלע (זאכען).

8 טריפט, איהר הימלען פון אויבען, און זאָלען די וואָל־קענס אראָבשפּרינקלען אַ זעגען; זאָל די ערד זיך אויפעפענען; און זאָלען זיי פרוכטבאַר זיין מיט הילף, און זאָל זי אַ בענשונג אַרויסברינגען צוגלייך; איך, גאָט, האָב עס בעשאַפען.

9 וועה דעם וואָס קריעגט זיך מיט דעם וואָס האָט איהם געפורעמט — אַ שערבעל צווישען די שערבלעך פון דער ערד; קען דען דער לעהם זאָגען צו דעם וואָס איהם פורעמט: וואָס טהוסט דו? און דיין ווערק — עס האָט קיין הענד ניט?

10 וועה דעם וואָס זאָגט צו דעם פאטער: וואָס מאַכסטו געבערען? און צו דער מוטער: מיט וואָס געהסט דו צו קינד?

11 אַזוי האָט געזאָגט דער הייליגער פון ישראל, און דער וואָס האָט איהם געפורעמט: זיי פרעגען מיך די קומענדיגע (פּאַסירונגען) איבער מיינע קינדער און איבער דעם ווערק פון מיינע הענד גיט איהר מיר בעפעהלען.

12 (דאָך) איך (אַליין) האָב די ערד געמאַכט, און די מענ־

שען אויף איהר בעשאַפען ; איך — מיינע הענד
האָבען אויסגעצויגען די הימלען ; און איך האָב זייער
גאַנצע אַרמיי איינגעאָרדענט.
13 איך אַליין האָב איהם פאַר גערעכטיגקייט אויפ־
געוועקט און אַלע זיינע וועגען וועל איך גלייך
מאַכען ; ער וועט אויפבויען מיין שטאדט, און
מיינע פערטריעבענע וועט ער צוריקשיקען ; ניט
פאַר בעצאָהלונג און ניט פאַר געשאנקען, זאָגט
דער גאָט פון ארמייען.
14 אַזוי האָט געזאָגט גאָט : די פראַצע פון מצרים און
דער האַנדעל פון כוש און סבאים, מענער פון (הויכען)
וואוקס — וועלען צו דיר אריבערגעהן און וועלען צו
דיר געהערען ; הינטער דיר וועלען זיי נאָכגעהן, אין
קייטען וועלען זיי געהן ; און בוקען וועלען זיי זיך
צו דיר, בעטען וועלען זיי צו דיר : בלויז צווישען דיר
איז דער אייביגער, און אויסערדעם איז קיין גאָט
ניט פאַראַן.
15 יא, דו ביזט אַ גאָט וואָס בעהאַלט זיך, האַרר פון
ישראל, דער רעטער.
16 פערשעמט און צו שאַנד זיינען זיי אַלע געוואָרען ; צו־
זאַמען זיינען זיי מיט שאַנד אוועקגעגאַנגען, די
מייסטער פון געצענבילדער.
17 ישראל איז פון גאָט געהאָלפען געוואָרען (מיט) אַ'ן

אייביגער הילף; איהר זאָלט ניט פערשעמט און ניט
צו שאַנד ווערען ביז אייביג־אייביגקייט.
18 דען אַזוי האָט געזאָגט דער אייביגער, דער בעשאַפער
פון די הימלען, ער, דער גאָט וואָס האָט די ערד געפו־
רעמט און זי געמאַכט, וואָס האָט זי אויפגעשטעלט
(און) ניט צו וויסט זיין זי בעשאַפען (נאָר) צום וואָה־
נען געפורעמט: איך בין גאָט און מעהר (קיין אנדער־
ער) איז ניטאָ.
19 ניט אין פערבערגענים האָב איך גערעדט, (ניט) אין
דעם אָרט פון אַ פינסטערען לאַנד; ניט געזאָגט האָב
איך צו דעם זאָמען פון יעקב: זוכט מיך אין וויסטע־
ניס. איך גאָט רעד גערעכטיגקייט, ערקלעהר די
וואַהרהייט.
20 זאַמעלט זיך אויף, קלייבט זיך צוזאַמען, איהר ענטרו־
נענע פון די פעלקער; זיי האָבען קיין פערשטאַנד
ניט, די וואָס טראָגען זייער הילצערנעם געצענבילד,
און בעטען צו אַ גאָט וואָס קען זיי ניט רעטען.
21 זאָגט אָן, און ברינגט (זיי) אַהער, און זאָלען זיי זיך
צוזאַמען בעראַטהען; ווער האָט דאָס געלאָזט הערען
פון פערצייטען, און פון אַמאָל אָנגעזאָגט? צי דען
ניט איך דער אייביגער? און ס'איז ניטאָ קיין גאָט
אויסער מיר, דעם גערעכטען גאָט און דעם רעטער;
עס איז ניטאָ אויסער מיר.
22 ווענדעט זיך צו מיר און ווערט געהאָלפען, איהר אַלע

עקען פון דער ערד ; דען איך בין גאָט און מעהר איז
ניט פאַראַן.

23 איך האָב ביי מיר געשוואָרען, גערעכטיגקייט איז
אַרויסגעגאַנגען פון מיין מויל, אַ וואָרט וואָס וועט
זיך ניט צוריקקעהרען : אַז צו מיר זאָל זיך בויגען
יעדער קניע און שווערען יעדע צונג.

24 נאָר ביי גאָט — וועט מען זאָגען פון מיר — איז הילף
און מאַכט ; עס וועלען קומען און פערשעמט ווערען
אַלע וואָס שטרייטען קעגען איהם.

25 דורך גאָט וועלען גערעכט ווערען און שטאָלצירען
(מיט איהם) אַלע קינדער פון ישראל.

קאַפּיטעל מו.

1 אַרונטערגעפאַלען ליגט בל, צוזאַמענגעקאָרטשעט איז
נבו ; זייערע געצענבילדער זיינען אויף טהיערען און
אויף פיה (אויפגעלאָדען) ; די (געצען) וואָס איהר
פלעגט אַרומטראָגען זיינען (איצט) אויפגעלאָדען
אַלס אַ לאַסט אויף פערמאַטערטע (פיה).

2 צוזאַמענגעקאָרטשעט, אַרונטערגעפאַלען ליגען זיי צו־
זאַמען ; זיי (די מענשען) האָבען ניט געקענט רעטען
די לאַסט, און וואַנדערען אַליין אין געפאַנגענשאַפט.

3 הערט מיר צו, איהר הויז פון יעקב, און איהר רעשט פון
דעם הויז פון ישראל, איהר פון מוטערלייב אָן גע־

ניאַנטשעטע, פֿון געבער־מוטער אָן (אויף די הענד)
געטראָגענע.

4 און ביז דער עלטער, בין איך דערזעלביגער; און ביז
דער גראָקייט, טראָג איך; איך בעשאַף און איך
טראָג, איך פֿערטראָג און איך רעטע.

5 צו וועמען וועט איהר מיך פֿערגלייכען און עהנליך
מאַכען און מיך אַנטקעגען שטעלען, אום מיר זאָלען
זיך גלייכען?

6 זיי שיטען גאָלד פֿון דעם בייטעל, און וועגען זילבער
אויף דער וואָג; זיי דינגען אַ שמעלצער און ער
מאַכט דערפֿון אַ גאָט, (און) זיי קניען זיך און בוקען
זיך.

7 זיי הייבען איהם אויף, טראָגען איהם אויף דער שולטער
און שטעלען איהם אַוועק אויף זיין פּלאַטץ און ער
בלייבט שטעהן; ער ריהרט זיך ניט פֿון זיין אָרט;
און שרייט אימיצער צו איהם ענטפֿערט ער ניט;
פֿון זיין נויטה רעטעט ער איהם ניט.

8 דערמאָהנט זיך דאָס דאָזיגע און מינטערט זיך אויף;
נעהמט עס, איהר פֿערברעכער, צום הערצען.

9 דערמאָהנט זיך די פֿריהערדיגע (פּאַסירונגען) פֿון פֿער־
צייטען; דען איך בין גאָט און מעהר קיין גאָט איז
ניטאָ, און ס'איז ניטאָ אַזאַ ווי איך,

10 וואָס זאָג אָן פֿון אָנהייב דאָס ענד, און פֿון פֿאָראויס
די (זאַכען) וועלכע זיינען (נאָך) ניט געשעהן; וואָס

זאָג, און מיין בעשלוס בעשטעהט, און מיין יעדען בעגעהר פיהר איך אויס;

11 וואָס רוף פון מאָרגענלאַנד דעם רויב־פויגעל, פון א
ווייטען לאַנד—דעם מאַן פון מיינע פלענער; און איך
האָב גערעדט און וועל עס אויך לאָזען קומען; איך
האָב געפּלאַנט און וועל עס אויך טהאָן.

12 הערט מיר צו איהר שטאַרק־הערציגע, איהר וואָס
זייט ווייט פון הילף:

13 איך האָב דערנעהנטערט מיין הילף, זי איז ניט (מעהר)
ווייט; און מיין רעטונג וועט זיך ניט זאַמען; און
איך וועל ברינגען אין ציון אַ רעטונג אויף ישראל —
מיין צירונג.

קאַפּיטעל מז.

1 נידער אַרונטער און זיין אין שטויב, די יונגפרוי טאָכטער
פון בבל; זיין אויף דער ערד, אָהן אַ טהראָן, טאָכטער
פון כשדים; דען מעהר וועט מען דיך ניט רופען
איידעלע און פערצערטעלטע.

2 נעהם אַ זשאַרנע און מאָל מעהל; דעק אָפּ דיין שלייער,
הויב אויף דיין קלייד־זוים, ענטפּלעק דיין היפט,
בראָדזשע דורך די טייכען.

3 אָפּגעדעקט וועט ווערען דיין שאַם, און געזעהן וועט
ווערען דיין שאַנד; ראַכע וועל איך נעהמען און איך

וועל קיין מענשען (וואָס זאָל זיך אַקעגענשטעלען) ניט בעגעגענען.

4 אונזער אויסלייזער — דער גאָט פון אַרמייען איז זיין נאָמען; דער הייליגער פון ישראל.

5 זיץ שווייגענדיג און פערררוק זיך אין פינסטערניס, טאָכטער פון כשדים; דען ער וועט דיך מעהר ניט רופען די אויבערהאַרינטע פון די קיניגרייכען.

6 איך האָב געצאָרענט אויף מיין פאָלק; איך האָב פערשוועכט מיין אייגענטהום, און איך האָב זיי איבערגעגעבען אין דיין האַנד; קיין באַרמהערציגקייט האָסטו זיי ניט געשאָנקען; שווער האָסטו אויף דעם גרייז דיין יאָך אַרויפגעדריקט.

7 און דו האָסט געזאָגט: אייביג וועל איך זיין אויבערהאַרינטע; ביז דו האָסט די אַלע זאַכען ניט גענומען צום האַרצען, ניט געטראַכט פון דעם ענד דערפון.

8 און אַצונד הער דאָס, דו צאַרטע, וואָס וואָהנט אין זיכערקייט און זאָגט אין איהר האַרצען: איך, און אויסער מיר איז ניטאָ; איך וועל קיין אלמנה (קיינמאָל) ניט בלייבען, און וועל פון קינדערלאָזיגקייט ניט וויסען.

9 דרום וועלען קומען אויף דיך אָט די ביידע אויגענבליקליך אין איין טאָג: קינדערלאָזיגקייט און אלמנה'שאַפט; און אין זייער גאַנצער מאָס וועלען זיי קומען אויף דיך; צוליעב דיינע פיעל צויבערייען,

צוליעב דער גרויסער צאָהל פון דיינע כשוף־קונצען;

10 און דו האָסט זיך פערלאָזט אויף דיין שלעכטסקייט; האָסט געזאָגט: קיינער זעהט מיך ניט; דיין קלוגהייט און דיין קענטעניס — זיי האָבען דיך פערפיהרט; און דו האָסט געזאָגט אין דיין הערצען: איך, און אויסער מיר איז ניטאָ.

11 דרום וועט קומען אויף דיר אַ'ן אונגליק וואָס דו וועסט ניט וויסען ווי צו ערקלערען; און עס וועט פאַלען אויף דיך אַ בראָך וואָס דו וועסט ניט קענען אָפּבעטען; און עס וועט קומען אויף דיך אַ פּלוצלינגע פערוויסטונג און דו וועסט גאָר ניט וויסען.

12 שטעל זיך נאָר מיט דיינע כשוף־קונצען, און מיט דיינע פיעל צויבערייען, מיט וועלכע דו האָסט זיך בעשעפטיגט פון דיין יוגענד אָן; פיעלייכט קענסטו העלפען, פיעלייכט קענסטו זיך אַנטקעגען שטעלען.

13 דו ביסט פערמאַטערט פון די פיעל פּלענער דיינע; זאָלען זיי זיך שטעלען און דיר העלפען, די וואָס טהיילען פונאַנדער די הימלען, די וואָס קוקען אויף די שטערען, די וועלכע לאָזען וויסען אין די אָנהויבען פון מאָנאַט וואָס דיר וועט פּאַסירען.

14 זיי זיינען דאָך ווי שטרוי געוואָרען; דאָס פייער פערצעהרט זיי; זיי קענען זיך אַליין ניט רעטען פון דער מאַכט פון דער פלאַם; קיין קויהל (וועט ניט בליי־

בען) זיך אָנצואוואַרעמען, קיין גלוט—צוזיצען קעגען
איהר.

15 אַזוי זיינען דיר געוואָרען די, מיט וועלכע דו האָסט
זיך אָפּגעגעבען; די, וואָס האָבען פערקעהרט מיט
דיר, פון דיין יוגענד אָן; איטליכער בלאָנדזשעט אין
זיין זייט; ניטאָ קיינער וואָס זאָל דיך רעטען.

קאַפּיטעל מח.

1 הערט דאָס, איהר הויז פון יעקב, די וואָס ווערען גערו־
פען מיט דעם נאָמען פון ישראל און זיינען פון
יהודה׳ס קוואַל אַרויס; די וואָס שווערען ביי דעם
נאָמען פון דעם אייביגען, און דערמאָהנען דעם גאָט
פון ישראל, ניט אין וואהרהייט און ניט אין גערעכ־
טיגקייט.

2 דען אויף דער היילינער שטאָדט רופען זיי זיך, און
שטיצען זיך אויף דעם האַרר פון ישראל — דער גאָט
פון אַרמייען איז זיין נאָמען.

3 די פריהערדיגע (זאכען) האָב איך פון אַמאָל אָנגעזאָגט,
און פון מיין מויל זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען און איך
האָב זיי בעקאַנט געמאַכט; פּלוצלינג האָב איך זיי
געמאַכט (געשעהן) און זיי האָבען פּאַסירט.

4 ווייל איך האָב געוואוסט אַז דו ביסט האַרט, און ווי אַ׳ן
אייזערנער אָדער איז דיין נאַקען, און דיין שטערען
קופּער —

5 דרום האָב איך דיר פון אַמאָל אָנגעזאָגט; איידער עס

האָט פּאַסירט האָב איך דיך געלאָזט הערען; אום
דו זאָלסט ניט זאָגען: מיין געצענבילד האָט עס גע־
טהאָן, און מיין אויסגעהאַקטער און מיין געגאָסענער
אָפּגאָט האָט עס בעפויהלען.
6 דו האָסט עס געהערט; איצט זעה עס אַלין; און איהר
וועט דען ניט צוגעבען? איך האָב דיך געלאָזט
הערען די נייע פּאַסירונגען פון איצטער, און געהיימ־
ניסען וועלכע דו האָסט ניט געוואוסט.
7 איצט זיינען זיי בעשאַפען געוואָרען, און ניט פון אַמאָל,
און ניט פון אַ טאָג (פריהער), און ניט געהערט
האָסטו זיי געהאַט; אום דו זאָלסט ניט זאָגען: איך
האָב זיי דאָך געוואוסט.
8 ניט געהערט געהאַט האָסטו, ניט געוואוסט געהאַט
האָסטו, און ניט געעפענט געהאַט האָט זיך דיין
אויער; דען איך האָב געוואוסט אַז פעלשען וועסטו,
און פערברעכער פון מוטערלייב רופט מען דיך.
9 צוליעב מיין נאָמען וועל איך אָפּלעגען מיין צאָרן,
צוליעב מיין רוהם וועל איך (איהם) איינצאַהמען
קעגען דיר, אום דיך ניט אויסצוראָטען.
10 אָט, לייטער איך דיך, אָבער ניט ווי זילבער; איך
פּראָביר דיך אין דעם שמעלץ־טיגעל פון נויטה.
11 צוליעב מיר, צוליעב מיר אַליין וועל איך (עס) טהאָן;
דען ווי זאָל (מיין נאָמען) פערשוועכט ווערען? און
קיין אַנדערען וועל איך מיין עהרע ניט אָפּגעבען.

12 הער מיר צו, יעקב; און ישראל מיין געהייעהלטער;
איך בין עס; איך בין דער ערשטער און איך בין
אויך דער לעצטער.

13 און מיין האַנד האָט אויך די ערד געגרינדעט, און מיין
רעכטע האַנד האָט דעם הימעל אויסגעצויגען; איך
רוף צו זיי און זיי שטעלען זיךביידע.

14 זאַמעלט זיך צוזאַמען, איהר אַלע און הערט; ווער צווי־
שען זיי האָט דאָס דאָזיגע פאָראויסגעזאָגט? גאָט
האָט איהם ליעב, ער טהוט זיין ווילען אין בבל, (ער
איז) זיין אָרעם (אויף די) כשדים.

15 איך, איך האָב עס גערעדט, און איך האָב איהם גערו־
פען; איך האָב איהם געבראַכט און ער וועט בעגלי־
קען אויף זיין וועג.

16 נעהנטערט זיך צו מיר, און הערט דאָס; ניט פער־
באָרגענערהייד האָב איך פון אָנהויב אָן גערעדט;
זינד עס איז געשעהן בין איך דאָרט געוועזען. און
אַצונד האָט מיך געשיקט גאָט דער האַרר, און זיין
גייסט.

17 אַזוי האָט געזאָגט גאָט, דיין אויסלייזער, דער הייליגער
גער פון ישראל: איך גאָט דיין האַרר, לעהרען דיך
מיט נוצען, איך פיהר דיך אויף דעם וועג אויף וועל־
כען דו זאָלסט געהן.

18 ווען דו וואָלסט געהאָרכט צו מיינע בעפעהלען, דאַן

וואַלט ווי אַ טייך דיין פרידען געוועזען, און דיין
זעגען — אַזוי ווי די אינדען פון ים.
19 און געוועזען אַזוי ווי זאַמד וואָלט דיין זאָמען, און די
שפּראָצונגען פון דיין לייב ווי זיינע (דעם ים׳ס)
שטיינדלעך. (דאָך) ניט אויסגעראָט און ניט פערטי־
ליגט ווערען זאָל זיין נאָמען פון מיין געזיכט.
20 געהט אַרויס פון בבל, ענטלויפט פון כשדים, מיט אַ
שטים פון פרייד־געזאַנג; זאָגט אָן און מאַכט עס
בעקאַנט, טראָגט עס פונאַנדער ביז דעם עק פון דער
ערד; זאָגט: אויסגעלייזט האָט גאָט זיין קנעכט
יעקב׳ן.
21 און זיי ויינען ניט דורשטיג געוועזען ווען ער האָט זיי
דורך וויסטעניסען געפיהרט; וואַסער פון דעם פעלז
האָט ער געמאַכט גיסען פאַר זיי, און דעם שטיין
האָט ער צושפּאָלטען און וואַסער האָט געפלאָסען.
22 קיין פרידען איז ניטאָ, זאָגט גאָט, פאַר די שלעכטס־
טהוער.

קאפיטעל מט.

1 הערט מיר צו, איהר אינזלען; און פערנעהמט איהר
פעלקער פון דער וויטען; גאָט האָט מיך פון געבער־
מוטער אָן גערופען, פון מיין מוטער׳ס לייב אָן האָט
ער מיין נאָמען דערמאָנט.

2 און ער האָט געמאַכט מיין מויל ווי אַ שאַרפען שווערד;
אין דעם שאָטען פון זיין האַנד האָט ער מיך בעהאַל־
טען; און ער האָט מיך געמאַכט פאַר אַ געשליפענעם
פייל; אין זיין פייל־בייטעל האָט ער מיך פער־
באָרגען.

3 און ער האָט צו מיר געזאָגט: מיין קנעכט ביזטו,
ישראל, מיט וועלכען איך ציר זיך.

4 און איך האָב געהאַט געזאָגט: אומזיסט האָב איך זיך
געמיהט, פאַר נישט און גאָרנישט האָב איך מיין
קראַפט פערשוועגדעט; אָבער מיין אורטהייל איז
ביי דעם איביגען און מיין אַרביטס־לוהן ביי מיין
גאָט.

5 און אַצונד זאָגט גאָט, דער וואָס האָט מיך פון מוטער־
לייב אָן געפורעמט פאַר איהם אַ קנעכט צו זיין:
צוריק צו ברענגען יעקב׳ן צו איהם, און ישראל זאָל
זיך זאַמלען צו איהם. און איך בין געהויבען געוואָ־
רען אין גאָט׳ס אויגען, און מיין גאָט איז געוועזען
מיין שטאַרקייט.

6 און ער האָט געזאָגט: צו וועניג איז עס, דו זאָלסט מיר
זיין אַ קנעכט, אום אויפצוהויבען די שטאַמען פון
יעקב, און די געראַטעטע פון ישראל צוריק צו
ברינגען: דרום וועל איך דיך מאַכען פאַר אַ ליכט
פון נאַציאָנען, אום מיין הילף זאָל גרייכען ביז דעם
עק פון דער ערד.

7 אַזוי האָט געזאָגט גאָט, דער אויסלייזער פון ישראל,
און זיין היילינער, צו דעם פעראַכטעטען צווישען
מענשען, צו דעם עקעל פון פעלקער, צו דעם שקלאַף
פון די הערשער: קיניגען וועלען זעהן און זיך
אויפשטעלען, פירסטען וועלען זיך בוקען, צוליעב
דעם גאָט וועלכער איז טריי, דעם היילינען פון
ישראל וועלכער האָט דיך אויסערוועהלט.
8 אַזוי האָט געזאָגט גאָט: אין דער צייט פון גנאָד,
ענטפער איך דיר; אין דעם טאָג פון אויסלייזונג
ויעל איך דיך העלפען; און איך היט דיך אָפּ און מאַך
דיך פאַר אַ בונד־צייכען פאַר דאָס פאָלק, אום אויפ־
צוריכטען דאָס לאַנד, און פערוויסטע נחלות (גיטער)
צו בעזעצען;
9 צו זאָגען צו די געפאַנגענע: געהט אַרויס; און צו די
וואָס זיינען אין דער פינסטער: ענטפלעקט זיך. ביי
די וועגען וועלען זיי זיך פיטערען, און אויף אַלע
בארג־שפּיצען וועט זיין זייער לאַנקע.
10 זיי וועלען ניט הונגערען, און זיי וועלען ניט דורשטען,
און פלאָגען וועט זיי ניט היץ אָדער זונן; דען פיהר־
רען וועט זיי זייער דערבאַרעמער און ביי קוואַלען פון
וואַסער וועט ער זיי פיהרען.
11 און איך וועל מאַכען פון אַלע מיינע בערג אַ וועג;
און אַלע מיינע שטעגען וועלען אויפגעהויבען ווערען.
12 אָט די־דאָ קומען פון דער וויטענס; און אָט, די־דאָ

קומען פון צפון און פון מערב און די־דאָ פון דעם
לאַנד פון די סינים.

13 זינגט, איהר הימלען; און פרעה זיך, דו ערד; און
ברעכט אויס, איהר בערג, אין פרייד־געזאַנג; דען
גאָט טרייסטעט זיין פאָלק, און אויף זיינע אָרעמע
דערבאַרעמט ער זיך.

14 און ציון האָט (שוין) געזאָגט: פערלאָזען האָט מיך
דער אייביגער, און גאָט האָט פערגעסען אָן מיר.

15 פערגעסט דען אַ פרוי איהר זויגלינג, זיך ניט צו
דערבאַרעמען אויף דאָס קינד פון איהר לייב? און
ווען אפילו די זאָלען פערגעסען, וועל איך דאָך אָן דיר
ניט פערגעסען.

16 איך האָב דיך דאָך אויף די הענד (מיינע) אויסגע־
קריצט; דיינע מויערען זיינען שטענדיג פאַר מיינע
אויגען.

17 איילענדיג קומען דיינע קינדער; דיינע צושטערערס
און דיינע פערוויסטערס וועלען אַוועקגעהן פון דיר.

18 הויב אויף דיינע אויגען רונד־אַרום, און זעה; אַלע
האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט און זיינען צו דיר געקו־
מען; ווי איך לעב! — זאָגט גאָט — אַז דו וועסט
זיי אַלע אַזוי ווי אַ צירונג אַנטהאָן; אַזוי ווי אַ כלה
וועסטו זיי אָנקניפּען אויף זיך.

19 דען דיינע רואינעס און דיינע פערוויסטונגען און דיין
צושטערט לאַנד — איצט וועסטו זיך (און זיי) אייננ

פיהלען פון (פיעל) בעוואָהנער; און דיינע צושטער־
ערס וועלען דערוויטערט ווערען.
20 עס וועלען נאָך זאָגען אין דיינע אויערען דיינע קינדער
וועלכע דו האָסט געהאַט פערלאָרען: מיר איז איינג
דער פּלאַטץ; רוק זיך אָפּ פון מיר אום איך זאָל זיך
קענען בעזעצען.
21 און דו וועסט זאָגען אין דיין הארצען: ווער האָט מיר
די געבאָרען? איך האָב דאָך מיינע קינדער פער־
לאָרען געהאַט, בין איינזאַם געבליבען, פערוואָגעלט
און פערשטויסען, און די ווער האָט אויפגעהאָדע־
וועט? איך בין דאָך אַליין געבליבען, וואו זיינען דען
די געוועזען?
22 אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַרר: אָט, וועל איך
אויפהויבען צו די נאַציאָנען מיין האַנד, און פאַר די
פעלקער וועל איך אויפשטעלען מיין סיגנאַל, און זיי
וועלען ברינגען דיינע זיהן אין (זייער) בוזעם, און
דיינע טעכטער וועלען אויף דער שולטער געטראָגען
ווערען.
23 און קיניגען וועלען זיין דיינע ערציהערס און זייערע
פירסטינען — דיינע אַמען; מיט דעם געזיכט צו
דער ערד, וועלען זיי זיך בוקען צו דיר; און דעם
שטויב פון דיינע פיס וועלען זיי לעקען; און דו וועסט
וויסען אַז איך בין דער אייביגער, וואָס ניט פער־
שעמט ווערען די וואָס האָפען אויף מיר.

24 קען פון דעם מעכטיגען דער קריגס־רויב אַוועקגענו־
מען ווערען? דער פאַנג פון דעם זיעגער ענטרונגען
ווערען?

25 דען אַזוי האָט גאָט געזאָגט: דער פאַנג פון דעם מעכ־
טיגען וועט אויך אַוועקגענומען ווערען, און דער
רויב פון דעם שטאַרקען וועט ענטרונען ווערען; און
מיט די וואָס שטרייטען קעגען דיך וועל איך (אַליין)
שטרייטען און דיינע קינדער וועל איך (אַליין) רעטען.

26 און איך וועל דיינע בעדריקערס מאַכען עסען זייער
אייגען פלייש; און ווי פון פרישען וויין וועלען זיי
פון זייער אייגענעם בלוט בערוישט ווערען; און
יעדער לייב זאָל וויסען אַז איך גאָט, בין דיין העלפער
און דיין אויסלייזער, דער מעכטיגער פון יעקב.

## קאַפּיטעל נ.

1 אַזוי האָט גאָט געזאָגט: אַוואו איז דאָס שייד־צעטעל
פון אייער מוטער דורך וועלכען איך האָב זי אַוועק־
געשיקט? אָדער ווער איז דער פון מיינע מאָהנערס
וואָס איך האָב אייך פערקויפט צו איהם? איהר זייט
דאָך נאָר פאַר אייערע זינד פערקויפט געוואָרען, און
פאַר אייערע פערברעכען איז אייער מוטער אַוועק־
געשיקט געוואָרען.

2 וואַרום בין איך געקומען און ס'איז קיינער ניט געוועזען,
גערופען האָב איך און קיינער האָט ניט געענטפערט?

איז דען מיין האַנד צו שוואַך אויסצולייזען? איז
אין מיר קיין קראַפט ניטאָ צו רעטען? איך טריקען
דאָך מיט מיין געשריי אויס דעם ים, איך מאַך פון
די טייכען א וויסטעניי; זייערע פישען ווערען פער־
שטונקען ווייל ס'איז קיין וואַסער ניטאָ, און זיי
שטאַרבען פון דורשט.
3 איך וויקעל איין די הימלען אין פינסטערנים און מאַך
אַ זאַק־קלייד זייער צודעק.
4 גאָט דער האַרר האָט מיר געשאָנקען אַ געלערענטע
צונג, אום צו וויסען ווי צו שטאַרקען דעם מידען מיט
אַ וואָרט אין דער צייט; מאָרגען פאַר מאָרגען
וועקט ער, וועקט ער מיר דאָס אויער אום צו האָרכען
ווי די געלערנטע.
5 גאָט דער האַרר האָט מיר געעפענט דאָס אויער, און איך
האָב ניט ווידערשפעניגט; איך בין ניט אָבגעטרע־
טען צוריק.
6 מיין רוקען האָב איך געגעבען צו די וואָס שלאָגען, און
מיינע באַקען צו די וואָס פּאַטשען; מיין געזיכט
האָב איך ניט פערבאָרגען פון בעליידיגונגען און
שפּייעכץ.
7 אָבער גאָט דער האַרר העלפט מיר, דרום ווער איך ניט
צו שאַנד; דרום האָב איך מיין געזיכט ווי קיזעל־
שטיין געמאַכט און האָב געוואוסט אַז איך וועל ניט
פערשעמט ווערען.

8 נאָהענט איז מיין פערטהיידיגער; ווער וויל זיך
קריגען מיט מיר? לאָמיר זיך שטעלען צוזאַמען;
ווער איז מיין אנקלאגער? זאָל ער קומען נאָהנט
צו מיר.
9 דען גאָט דער האַרר העלפט מי ר; ווער וועט מיך פער־
אורטהיילען? זיי וועלען דאָך אַלע ווי אַ קלייד
צוקריכען, די מאָיל וועט זיי אויפעסען.
10 ווער צווישען אייך איז דער וואָס שרעקט זיך פאַר
גאָט און האָרכט צו דער שטים פון זיין קנעכט?
דער וואָס וואַנדערט אין פינסטערנים, אָהן אַ ליכט־
שיין פאַר זיך? ער זאָל זיך פערלאָזען אויף דעם
אייביגען, און זיך שטיצען אויף זיין גאָט.
11 איהר אַלע צינדט דאָך אָן אַ פייער, און פאַבט פונקען
פאַנאַנדער; געהט אין די גלות פון אייער פייער, און
אין די פונקען וועלכע איהר האָט צוברענט; פון
מיין האַנד איז עס אייך געשעהן; אין וועהטאָג
זאָלט איהר ליעגען.

קאַפּיטעל נא.

1 הערט מיר צו, איהר וואָס יאָגט זיך נאָך גערעכטיגקייט,
וואָס זוכט גאָט: קוקט אויף דעם פעלז פון וועלכען
איהר זייט אויסגעהאַקט געוואָרען, און אויף די
ברונען־גרוב פון וועלכער איהר זייט אויסגעגראָבען
געוואָרען.
2 קוקט אויף אברהם אייער פאטער, און אויף שרה׳ן

וועלכע האָט איך געבאָרען; דען איהם איינעם האָב
איך גערופען און האָב איהם געבענשט און איהם
פערמעהרט.
3 דען גאָט טרייסטעט ציון; ער טרייסטעט אַלע איהרע
רואינען; ער מאַכט איהר וויסטענים אזוי ווי אַ
לוסט־גאָרטען, און איהר סטעפּע אזוי ווי דער גאָרטען
פון גאָט; פרייד און לוסטיגקייט וועלען זיך דאָרטען
געפינען, לויב און שטים פון געזאַנג.
4 האָרכט צו מיר, מיין פאָלק; און גיב מיר דיין אויער,
נאַציאָן מיינע; דען אַ לעהרע וועט פון מיר אַרויס־
געהן, און מיין אורטהייל וועל איך אַלס אַ ליכט פאַר
די פעלקער, אַרויסגיסען.
5 נאָהנט איז מיין הילף, עס קומט אַרויס מיין דערלייזונג,
און מיינע אָרעמס וועלען ענטשיידען צווישען די
פעלקער; אויף מיר וועלען די אינזלען וואַרטען און
אויף מיין אָרעם וועלען זיי האָפען.
6 הייבט אויף צו די הימלען אייערע אויגען, און קוקט
אויף די ערד פון אונטען; דען די הימלען וועלען ווי
רויך צוגעהן, און די ערד וועט ווי אַ קלייד צוקריכען,
און איהרע איינוואָהנער וועלען ווי אונגעציפער
אויסשטאַרבען; אבער מיין הילף וועט אייביג
בלייבען, און מיין גענאָד וועט ניט פאַנאַנדערפאַלען.
7 הערט מיר צו, איהר וואָס ווייסט פון גערעכטיגקייט,
דאָס פאָלק וואָס מיין לעהרע איז אין זייערע הערצער:

ניט שרעקען זאָלט איהר זיך פאַר דעם טאַדעל פון
מענשען, פאַר זייער זידלעריי זאָלט איהר ניט
ציטערען.

8 דען אַזוי ווי אַ קלייד וועט זיי די מאָיל אויפעסען, און
אַזוי ווי וואָלל וועט זיי דער וואָרעם צופרעסען;
אבער מיין גענאָד וועט אייביג בלייבען, און מיין
הילף אויף דור־דורות.

9 ערוואַך, ערוואַך, בעקלייד זיך מיט מאַכט, דו אָרעם
פון גאָט; ערוואַך ווי אין די טעג פון פארצייטען,
ווי אין אוראַלטע דורות. ביזטו ניט דער וואָס
האָט מצרים צוהאַקט? דער וואָס האָט דעם קראָ־
קאָדיל דורכגעלעכערט?

10 ביזטו ניט דער וואָס האָט אויסגעטריקענט דעם ים,
די וואַסערען פון דעם גרויסען אָבגרונד? דער וואָס
האָט פון די טיעפעניס פון מעער געמאַכט אַ וועג
פאַר די אויסגעלעזטע איבערצוגעהן?

11 און די דערלייזטע פון גאָט וועלען זיך אומקעהרען,
און וועלען קומען אין ציון מיט געזאַנג; און אייביגע
פרייד וועט זיין אויף זייער קאָפּ; לוסטיגקייט און
פרייד וועלען זיי בעגעגענען; און אַנטלויפען וועלען
קומער און זיפצענים.

12 איך, איך בין דער וואָס טרייסטעט אייך; וואָס פאַר
אַזוינע ביזטו, וואָס דו שרעקסט זיך פאַר אַ מענשען

וועלכער איז שטערבליך — פאַר אַ מענשענקינד וואָס ווערט ווי גראָז (פערוועלקט).

13 און דו פערגעסט גאָט, דיין בעשעפער, דעם אויס־
שפרייטער פון די הימלען און דעם גרינדער פון דער
ערד? און דו שרעקסט זיך שטענדיג, דעם גאַנצען
טאָג, פאַר דעם גרימצאָרן פון דעם בעדריקער ווען
ער ציעלט זיך צו צושטערען; דאָך וואו איז (אהינגעקו־
מען) דער גרימצאָרן פון דעם בעדריקער?

14 שנעל וועט דער געבונדענער לויז געמאַכט ווערען;
און ער וועט ניט שטאַרבען אין דער געפענקעניס־
גרוב, און זיין ברויט וועט ניט געמינדערט ווערען.

15 דען איך בין גאָט דיין האַרר, דער וואָס צוטרייסעלט
דער ים און עס ברומען זיינע וועלען; דער גאָט פון
אַרמייען איז זיין נאָמען.

16 און איך האָב מיינע ווערטער אַריינגעטהאָן אין דיין
מויל, און מיט דעם שאטען פון מיין האַנד האָב איך
דיך בעדעקט, אום צו בעפעסטיגען די הימלען און
בעגרינדען די ערד, און זאָגען צו ציון: מיין פאָלק
ביזטו.

17 מונטער זיך אויף, מונטער זיך אויף, שטעה אויף,
ירושלים, דו וועלכע האָסט געטרונקען פון גאָט'ס
האַנד דעם בעכער פון זיין צאָרן; דעם שוימענדען
גיפט־בעכער האָסטו אויסגעטרונקען און אויס־
געזויגען.

18 זי האָט קיין פיהרער ניט צווישען אַלע קינדער וואָס
זי האָט געבאָרען; און ס'איז ניטאָ ווער עס זאָל זיי
ביי דער האַנד האַלטען, צווישען אַלע קינדער וואָס זי
האָט אויפגעהאָדעוועט.

19 צוויי־פאַכיג זיינען די (אומגליקען) וואָס האָבען דיך
געטראָפען — (און) ווער בעדויערט דיך ? — פער־
וויסטונג און צושטערונג, און הונגער און שווערד —
ווי זאָל איך דיך טרייסטען ?

20 דיינע קינדער זיינען אין אונמאַכט געפאַלען, זיי
ליעגען ביי דעם איינגאַנג פון אַלע גאַסען, אַזוי ווי
אַן אָקס אין נעץ (געפאַנגען) ; זיי זיינען פול מיט
דעם וואוטה פון דעם אייביגען, מיט דעם צאָרן־
געשריי פון גאָט.

21 דרום הער נאָר דאָס, דו אונגליקליכע, דו בערוישטע,
אבער ניט פון וויין.

22 אַזוי האָט געזאָגט דיין האַרר, דער אייביגער, דער גאָט
דיינער וואָס נעהמט זיך אָן פאַר זיין פאָלק : אָט,
נעהם איך פון דיין האַנד דעם גיפט־בעכער, דעם
שוימענדען צאָרן־בעכער מיינעם ; דו זאָלסט שוין
איהם מעהר ניט טרינקען.

23 און איך וועל איהם געבען אין די האַנד פון דיינע
בעדריקער וועלכע האָבען געזאָגט צו דיין זעעל : בייג
זיך איין און מיר וועלען אַריבערגעהן (איבער דיר) ;

און דו האָסט דיין רוקען ווי די ערד געמאַכט, ווי אַ
גאַס פאַר אריבערגעהער.

קאַפּיטעל נב.

1 ערוואַך, ערוואַך, בעקלייד זיך מיט דיין שטאַרקייט,
ציון; טהו אָן דיינע פּראַכט־קליידער, ירושלים, דו
הייליגע שטאדט; דען מעהר וועט שוין צו דיר
ניט קומען, קיין אונבעשניטענער און קיין אונ־
ריינער.
2 טרייסעלט זיך אָב פון דעם שטויב; ערוואַך און זעץ
זיך אויף, ירושלים; מאַך לויז די פּענטעס פון דיין
האַלז, דו געפאַנגענע, טאָכטער פון ציון.
3 דען אַזוי האָט גאָט געזאָגט: אומזיסט זייט איהר
פערקויפט געוואָרען, און אָהן געלד וועט איהר אויס־
געלייזט ווערען.
4 דען אַזוי האָט געזאָגט גאָט, דער האַרר: אין מצרים
האָט מיין פאָלק אַראָבגענידערט צוערשט, אום צו
וואָהנען דאָרט, און דאַן האָט איהם אשור פאַר גאָר־
נישט בעדריקט.
5 און אַצינד וואָס האָב איך דאָ, זאָגט גאָט, אַז מיין פאָלק
איז אַוועקגענומען געוואָרען אומזיסט? זיינע הער־
שער בעריהמען זיך און שטענדיג, אַ גאַנצען טאָג,
ווערט מיין נאָמען געלעסטערט.
6 דרום זאָל מיין פאָלק וויסען מיין נאָמען; דרום, אין

יענעם טאָג (ווייסען) אַז איך בין עס, איך בין עס דער
וואָס רעד.
7 ווי שען זיינען אויף די בערג די פיס פון דעם אָנזאָגער,
דעם בעקאַנט־מאַכער פון פריעדען? דעם אָנזאָגער
פון גוטס, דעם בעקאַנט־מאַכער פון הילף, דעם וואָס
זאָגט צו ציון: עס קיניגט דיין גאָט.
8 אַ שטים פון דיינע פּיקעטען! — זיי הייבען אויף זייער
שטים, צוזאַמען לאָזען זיי אַרויס אַ פריידגעשריי;
דען אויג צו אויג זעהען זיי ווי גאָט קעהרט זיך אום
אין ציון.
9 ברעכט אויס אין געזאַנג, לאָזט אַרויס אַ פריידגעשריי
צוזאַמען, איהר רואינען פון ירושלים; דען גאָט
האָט געטרייסט זיין פאָלק אין אויסגעלייזט ירושלים.
10 אָבגעדעקט האָט דער אויבּיגער זיין הייליגען אָרעם,
פאַר די אויגען פון אַלע נאַציאָנען; אין זעהן וועלען
אַלע עקען פון דער ערד די הילף פון אונזער גאָט.
11 קעהרט זיך אָב, קעהרט זיך אָב, געהט אַרויס פון דאָר־
טען, ריהרט ניט אָן קיין אונריינע (זאַך); געהט
אַרויס פון איהר מיטען, רייניגט זיך, איהר וואַפען־
טרעגערס פון גאָט.
12 יאָ, ניט אין איילעניס וועט איהר ארויס, ניט מיט
געלאַף וועט איהר געהן; דען אייך פאָראויס געהט
דער אייביגער, און דער לעצטער (פון דער
ארמיי) אייערע, איז דער גאָט פון ישראל.

13 דען בעגליקען וועט מיין קנעכט; דערהויבען און
דערהויכט וועט ער ווערען — און זעהר הויך וועט
ער זיין.
14 ווי עס האָבען געשטוינט איף דיך, פיעל (מענשען) —
אַזוי וויים איז זיין אויסזעהן געוועזען העסליכער פון
אַלע מענשען און זיין געשטאַלט פון אַלע מענשען־
קינדער —
15 אַזוי וועט ער מאַכען אויפשפּרינגען פון ערשטוינונג
פיעל נאַציאָנען; קיניגען וועלען פאַר איהם זייער
מויל צושליסען; דען וואָס זיי איז (קיינמאָל) ניט
דערצעהלט געוואָרען האָבען זיי געזעהן, און וואָס
זיי האָבען (קיינמאָל) ניט געהערט, האָבען זיי אָנ־
געקוקט.

קאַפּיטעל נג.

1 ווער וואָלט געגלויבט אונזער נאַכריכט? און דער
אָרעם פון גאָט, אויף וועמען האָט ער זיך אַנטפּלעקט?
2 און ער איז אַרויפגעשטיגען אַזוי ווי אַ בוימעלע פאַר
איהם, און ווי אַ וואָרצעל פון אַ טרוקענעם לאַנד;
ער האָט ניט קיין געשטאַלט און קיין שענקייט
געהאַט אום מיר זאָלען איהם אָנזעהן; קיין אויס־
זעהן, אום מיר זאָלען איהם ליעב קריגען.
3 אַ פעראַכטעטער (איז ער געוועזען), אויסגעמיידט פון
מענשען, אַ מאַן פון וועהטאָגען, בעזוכט פון קראַנק־

הייטען; און אזוי ווי איינער וואָס פערבאָרגט זיין
(קרעציג) געזיכט פון אונז פלעגט ער פעראַכטעט
ווערען, און מיר האָבען איהם פאַר גאָרנישט
גערעכענט.

4 אבער בלויז אונזער קראַנקהייט איז ער אויסגעשטאַנען,
און אונזער וועהטאָג האָט ער געליטען; און מיר
האָבען איהם גערעכענט פאַר אַ געפּלאָגטען, אַ
געשלאָגענעם פון גאָט און געפּייניגטען.

5 דאָך איז ער פערוואונדעט געוועזען (בלויז) דורך אונזערע
פערברעכען, צוקלאַפּט בלויז דורך אונזערע זינד;
די שטראָף פאַר אונזער פריעדען איז געוועזען אויף
איהם; און דורך זיין בייל זיינען מיר געהיילט
געוואָרען.

6 מיר האָבען אַלע ווי שאָף געבלאָנדזשעט, איטליכער
האָט זיך צו זיין וועג געקעהרט, און גאָט האָט
געלאָזט פאַלען אויף איהם די זינד פון אונז אַלעמען.

7 ער איז געפּייניגט געוואָרען, אבער ער האָט זיך אונ־
טערוואָרפען, און ער האָט זיין מויל ניט געעפענט;
אַזוי ווי אַ לאַמם וואָס ווערט צו דער שלאַכטונג גע־
פיהרט, אזוי ווי אַ שעפּס וועלכע איז שטום פאַר
איהרע שערערס, ניט געעפענט האָט ער זיין מויל.

8 דורך בעדריקונג און שטראָף איז ער אוועקגענומען
געוואָרען; און די (מענשען פון) זיין צייט — ווער
פון זיי האָט איבערגעטראַכט, אַז ער איז פערשניטען

געוואָרען פון דעם לאַנד פון לעבען, צוליעב דעם
פערברעך פון מיין פאָלק (איז) זיי האָט עס געזאָלט
טרעפען?

9 און מען האָט צווישען די שלעכטס־טהוער זיין קבר
בעשטימט, צווישען די (זינדיגע) רייכע זיין ערד־
הויפען; כאָטש ער האָט קיין אונרעכט ניט געטהאָן
און קיין בעטרוג איז אין זיין מויל ניט געוועזען.

10 אבער גאָט האָט איהם געוואָלט דורך קראַנקהייט
צודריקען; (און) דאַן ווען זיין זעעל האָט אַ זינד־
אָפּפער געבראַכט, זאָל ער דערלעבען צו זעהן זאָמען,
לעבען פיעל טעג, און דער בעגעהר פון גאָט זאָל
געלינגען אין זיין האַנד.

11 פאַר דעם קומער פון זיין זעעל וועט ער זיך (איצט)
זאַט אָנזעהן (גוטס). דורך זיין פערשטאַנד, וועט מיין
קנעכט דער גערעכטער, ברינגען פיעל צו גערעכ־
טיגקייט, און זייערע זינד וועט ער אויסשטעהן;

12 דרום וועל איך איהם איינטהיילען (אַ טהייל) מיט די
גרויסע, און מיט די מעכטיגע זאָל ער טהיילען דעם
רויב; ווייל ער האָט נאַקעט־געשטעלט זיין לעבען
צום טויט, און איז צווישען די פערברעכער געצעהלט
געוואָרען, ווען ער האָט די זינד פון פיעל אַליין
געטראָגען און פאַר פערברעכערס פלעגט ער זיך
איינשטעלען.

קאפּיטעל נד.

1 זינג דו קינדערלאָזע וועלכע האָט ניט געבאָרען;
ברעך אויס אין געזאַנג, און לאָז אַרויס אַ פרייד־
געשריי, דו וועלכע האָסט קיין וועהען ניט געהאַט;
דען מעהר וועלען זיין די קינדער פון דער איינזאַמער
ווי די קינדער פון דער פערהייראַטער, זאָגט גאָט.

2 פערברייטער דעם פּלאַץ פון דיין געצעלט, זאָלען זיי
פאַנאַנדערציהען די פּאָרהאַנגען פון דיינע וואָהנונגען
— האַלט ניט איין; מאַך לענגער דיינע שטריק, און
דיינע פּלעקלעך בעפעסטיג.

3 דען רעכטס און לינקס וועסטו זיך פאַנאַנדערשפּרייטען,
און דיין זאַמען וועט די פעלקער פערטרייבען; און
שטעדט פערוויסטע וועלען זיי בעזעצען.

4 ניט שרעקען זאָלסטו זיך, דען דו וועסט ניט צו שאַנד
ווערען; ניט שעמען זאָלסטו זיך דען דו וועסט ניט
(דאַרפען) רויט ווערען; דען די שאַנד פון דיין
יוגענד וועסטו פערגעסען, און דעם פּאָרוואורף פון
דיין אַלמנה׳שאַפט וועסטו ניט מעהר געדענקען.

5 דען דיין מאַן איז דיין בעשעפער, דער גאָט פון אַרמייען
איז זיין נאָמען; און דיין אויסלייזער איז דער הייליגער פון ישראל, דער האַרר פון דער גאַנצער ערד
רופט ער זיך.

6. דען אזוי ווי אַ פרוי, פערלאָזען און בעטריבט אין

געמיטהה האָט דיך גאָט צוריקגערופען, און אַזוי ווי
אַ פערשטויסענע יוגענד־פרוי, זאָגט דיין האַרר.
7 אויף אַ קליינע ווײלע האָב איך דיך פערלאָזען, אָבער
מיט גרויס באַרמהערציגקייט וועל איך דיך ווידער צו
זיך נעהמען.
8 אין דעם אויסגוס פון צאָרן האָב איך אַ ווײלע פערבאָר־
גען מיין געזיכט פון דיר, אָבער מיט אייביגער גנאָד
וועל איך זיך דערבאַרעמען איבער דיר, זאָגט דיין
אויסלייזער, גאָט.
9 דען אַזוי ווי די וואַסערען פון נח איז דאָס מיר: אַזוי
ווי איך האָב געשוואָרען אַז די וואַסערען פון נח
זאָלען ניט מעהר אַריבערגעהן איבער דער ערד, אַזוי
האָב איך געשוואָרען ניט צו צאָרענען אויף דיר און
זיך ניט צו בייזערען אויף דיר.
10 דען די בערג וועלען אָבגעטהאָן ווערען און די הויכע
פלעטצער וועלען צושטערט ווערען, אָבער מיין גנאָד
וועט פון דיר ניט אָבגעטהאָן ווערען, און מיין בונד
פון פרידען וועט ניט צושטערט ווערען, זאָגט דיין
דערבאַרעמער, גאָט.
11 אָ אונגליקליכע, פון שטורעם געטריבענע, ניט
געטרייסטעטע, אָט, וועל איך אין שענע קאָלירען דיינע
שטיינער פלאַסטערען, און לעגען דיין פונדאַמענט
מיט סאַפירען.
12 און פון רובינען וועל איך מאַכען דיינע פעסטונג־

שפיצען, און פון פינקעל־שטיינער דיינע טהויערען,
און דיין גאנצען גרענעץ — עדעלשטיינער.
13 און אלע דיינע קינדער וועלען זיין שילער פון גאט,
און גרויס וועט זיין דער פרידען פון דיינע קינדער.
14 דורך גערעכטיגקייט וועסטו אויפגעריכט ווערען;
האלט זיך צוריק פון קלעמענים דען דו דארפסט זיך
ניט שרעקען; און פון ציטערנים — דען עס וועט ניט
קומען נאהנט צו דיר.
15 דען זיי פערזאמלען זיך אהן מיר; ווער עס פערזא־
מעלט זיך קעגען דיר, וועט פאלען אונטער דיר.
16 דען איך האב בעשאפען דעם שמיד, וואס פאכט אויף
דעם קיהלען־פייער און ברינגט ארויס א געצייג פאר
זיין ארבייט; און איך האב (אייך) בעשאפען דעם
צושטערער צו פערניכטען.
17 קיין געצייג וואס וועט קעגען דיר געשמידט ווערען
וועט ניט געלינגען; און יעדע צונג וואס וועט זיך
אויפהויבען קעגען דיר אין געריכט וועסטו אלס
שולדיג בעווייזען; דאס איז דער טהייל פון די קנעכט
פון גאט און זייער גערעכטע בעלויהנונג פון מיר,
זאגט גאט.

קאפיטעל נה.

1 יעדער וואס איז דורשטיג, קומט צום וואסער, און איך
דער וואס האט קיין געלט ניט; קומט, שפייזט זיך

און עסט ; יא, קומט, שפייזט זיך אָהן געלט און אָהן
בעצאָהלונג, מיט וויין און מילך.
2 ווארום צאָהלט איהר געלט פאַר דאָס וואָס איז קיין
ברויט ניט, און אייער פראַצע פאַר דאָס וואָס זעַ־
טיגט ניט ; הערט מיר צו, און עסט דאָס וואָס איז
גוט, און לאָבען מיט פעטקייט זאָל זיך אייער זעעל.
3 נייגט צו אייער אויער, און קומט צו מיר ; הערט, און
אייער זעעל וועט אָפּלעבען ; און איך וועל מיט אייך
שליסען אַן אייביגען בונד, (און ערפילען) די טרייע
פערשפּרעכונגען פון גנאָד (געמאַכט) צו דוד׳ן.
4 אָט, האָב איך דיך פאַר דעם געזעצגעבער פון די פעל־
קער געמאַכט, פאַר אַ פירסט און אַ בעפעהלער פון
נאַציאָנען.
5 אָט, אַ נאַציאָן וואָס דו ווייסט (גאָר) ניט וועסטו צורו־
פען ; און אַ פאָלק וואָס האָט דיך ניט געקענט וועט
לויפען צו דיר ; צוליעב גאָט דיין האַרר, צוליעב
דעם הייליגען פון ישראל וועלכער האָט דיך בעשענט.
6 זוכט גאָט ווען ער איז צו געפינען ; רופט איהם ווען ער
איז נאָהנט.
7 זאָל דער שלעכטער פערלאָזען זיין וועג, און דער מאַן
פון אונרעכט זיינע געדאַנקען ; און זאָל ער זיך אומ־
קעהרען צו דעם אייביגען און ער וועט זיך דערבאַ־
רעמען אויף איהם, און צו אונזער גאָט, דען ער
וועט פיעל פערצייהען.

8 דען ניט מיינע געדאַנקען זיינען אייערע געדאַנקען, און
ניט אייערע וועגען זיינען מיינע וועגען, איז דער
שפּרוך פון גאָט.

9 אַזוי הויך ווי די הימלען זיינען איבער דער ערד, אַזוי
הויך זיינען מיינע וועגען איבער אייערע, און מיינע
געדאַנקען איבער אייערע געדאַנקען.

10 דען אַזוי ווי עס נידערט דער רעגען און דער שניי
אַרונטער פון די הימלען און קעהרט זיך דאָרט ניט
מעהר צוריק, נאָר ער זעטיגט די ערד און בעפרוכ־
פערט זי און מאַכט זי שפּראָצונגען אַרויסברינגען,
און שאַפט זאָמען פאַר דעם זייהער און ברויט פאַר
דעם עסער —

11 אַזוי וועט זיין מיין וואָרט וואָס וועט אַרויס פון מיין
מויל, עס וועט זיך ליידיג צו מיר ניט אומקעהרען,
נאָר עס וועט טהאָן וואָס איך האָב בעגעהרט און
עס וועט אויספיהרען דאָס צו וואָס איך האָב עס
געשיקט.

12 דען מיט פרייד וועט איהר אַרויסגעהן, און אין פריי־
דען וועט איהר געבראַכט ווערען; די בערג און די
הויכע פעלזען וועלען אויסברעכען פאַר אייך אין
פרייד־געזאַנג, און אַלע בוימער פון פעלד וועלען
קלאַפּען מיט די הענד.

13 שטאַט דעם דאָרען וועט אַרויסוואַקסען אַ ציפּרעס
און שטאַט דעם ווילדען געוויקס וועט אַרויסוואַקסען

אַ מירטענבוים; און עס וועט זיין אַ רוהם פאַר גאָט, אַ'ן אייביגער צייכען וועלכער וועט ניט פערטיליגט ווערען.

קאפיטעל נו.

1 אַזוי האָט געזאָגט גאָט: היט אָפּ דאָס רעכט און טהוט גערעכטיגקייט, דען נאָהנט איז מיין הילף צו קומען, און מיין גנאָד ענטפּלעקט צו ווערען.

2 וואוהל דעם מאַן וואָס טהוט דאָס, און דעם מענשענ־ קינד וואָס האַלט זיך אָן דעם; דעם וואָס היט דעם שבת איהם ניט צו פערשוועכען, און האַלט איין זיין האַנד פון טהאָן עפּעס שלעכטעס.

3 און עס זאָל ניט זאָגען דער זוהן פון דעם פרעמדען וועלכער האָט זיך בעהעפט צו גאָט, זאָגענדיג: אָפּגעזונדערט האָט מיך גאָט פון זיין פאָלק; און עס זאָל ניט זאָגען דער פערשניטענער (סרים): איך בין דאָך (בלויז) אַ פערדאַרטער בוים.

4 דען אַזוי האָט געזאָגט גאָט, וועגען די פערשניטענע וואָס וועלען אָפּהיטען מיינע שבתים, און וועלען אויסוועהלען דאָס וואָס איך בעגעהר, און וועלען זיך האַלטען אָן מיין בונד:

5 איך וועל זיי געבען אין מיין הויז און אין מיינע מויערען אַ פּלאַטץ און אַ נאָמען בעסער פון זיהן און טעכטער; אַן אייביגען נאָמען וועל איך איהם געבען וועלכער וועט ניט פערטיליגט ווערען.

6 און די זיהן פון דעם פרעמדען וועלכע בעהעפטען זיך
צו גאָט און איהם צו דיענען, און צו ליעבען דעם
נאָמען פון גאָט, צו זיין קנעכט פאַר איהם, יעדער
וואָס היט אָפּ דעם שבת איהם ניט צו פערשוועכען,
און די וואָס האַלטען זיך אָן מיין בונד —
7 זיי וועל איך ברינגען צו מיין הייליגען באַרג, און איך
וועל זיי דערפרעהען אין מיין הויז פון געבעט;
זייערע בראַנד־אָפּפער און זייערע שלאַכט־אָפּפער
וועלען אָנגענומען זיין אויף מיין אַלטאַר; דען מיין
הויז וועט דאָס הויז פון געבעט פאַר אַלע פעלקער,
אָנגערופען ווערען.
8 דער שפּרוך פון גאָט דעם האַרר, דעם וואָס זאַמעלט
אויף די פערשטויסענע פון ישראל: איך וועל נאָך
(אַנדערע) אויפזאַמלען אויסער זיינע צוזאַמגעזאַ־
מעלטע.
9 איהר אַלע טהירען פון פעלד, קומט אַהער עסען;
(קומט) אַלע טהירען פון וואַלד.
10 זיינע וועכטער זיינען בלינד אַלע, זיי ווייסען גאָרניט;
שטומע הינד זיינען זיי אַלע, זיי קענען ניט בילען;
טרוימערס, פּעפערס וועלכע האָבען ליעב צו
שלאָפען.
11 אָבער די הינד זיינען פון אַ גיערינגער נאַטור, זיי
ווייסען ניט פון קיין זעטט; און די דאָזיגע זיינען
פּאַסטוכער וועלכע ווייסען אין פערשטעהען ניט;

זיי אַלע קעהרען זיך צו זייער (אייגענעם) וועג, יעדער
צו זיין (אייגענעם) געווינס, אין זיין (בעזונדער)
ווינקעל:

12 „קומט, איך וועל נעהמען וויין, און לאָמיר זייפען
שטאַרקע געטראַנק, און אַזוי ווי דער זאָל זיין
דער מאָרגענדיגער טאָג (און) און נאָך פיעל גרויס־
אַרטיגער און רייכער.“

קאַפּיטעל נז.

1 דער גערעכטער געהט אונטער, און קיין מענש נעהמט
זיך ניט צום הערצען; די פרומע לייט פערגעהען, און
קיינער פערשטעהט ניט אַז צוליעב דער שלעכטיג־
קייט, פערגעהט דער גערעכטער.

2 געהן זאָל ער אין פרידען! רוהען זאָלען זיי אויף זייער
געלעגער, יעדער וואָס געהט אין זיין עהרליכקייט.

3 און איהר, קומט נאָהנט אַהער, איהר זיהן פון דער
צויבערין, זאָמען פון אַ'ן עהע־ברעכער און אַ'ן אויס־
געלאַסענער פרוי.

4 איבער וועמען מאַכט איהר זיך לוסטיג? אַקעגען וועמען שפּאַרט איהר אויף דאָס מויל, און שטעקט
אַרויס די צונג? זייט איהר דען ניט, קינדער פון
פערברעכען, דער זאָמען פון ליגען?

5 וועלכע זיינען צוהיצט פאַר די געצען, אונטער יעדען

גרינעם בוים ; וועלכע שלאַכטען די קינדער אין די
טהאָלען אונטער די שפּאַלטען פון די פעלזען.
6 אויף די גלאַטע שטיינער פון דעם טהאָל, איז דיין
טהייל; אָט זיי זיינען דיין שיקזאַל; אויך צו זיי האָסטו
אויסגעגאָסען אַ טראַנק־אָפּפער, און געבראַכט אַ
שפּייז־אָפּפער. זאָל איך נאָך די זאַכען זיך בע־
רוהיגען ?
7 אויף אַ הויכען און אַ'ן אויפגעהויבענעם באַרג האָסטו
דיין געלעגער געמאַכט ; דאָרט איך ביזטו אַרויפגע־
גאַנגען צו ברינגען שלאַכט־אָפּפער.
8 און הינטער דער טהיר און דעם ביישטידעל האָסטו
איבערגעלאָזען דיין ערינערונג (אָן מיר) ; דען
אַוועקגעוואַנדערט האָסטו פון מיר און ביזט אַרויפ־
געשטיגען ; אויסגעברייט האָסטו דיין געלעגער, און
האָסט זיך אַ בונד געשלאָסען צווישען זיי ; האָסט
ליעב געקראָגען זייער געלעגער, האָסט זיך אַ (פאַר־
סענדען) פּלאַטץ אויסגעקליבען.
9 און דו האָסט זיך געוויזען פאַר דעם קיניג מיט אויל
(בעשמירט) און דו האָסט פערמעהרט דיינע שמע־
קעדיגע זאַלבען, און דו האָסט געשיקט דיינע
געזאַנדטע ביז דער וויט, און ביזט ביז אין די
אונטער־וועלט אַראָפּגענידערט.
10 פון דיין פיעל אַרומוואַנדערען ביזטו פערמאַטערט
געוואָרען, (און דאָך) האָסטו ניט געזאָגט : עס איז

אומזיסט; האָסטו (נאָך) די שטאַרקייט פון דיין האַנד
געפונען, דרום ביזטו ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרען.
11 און פאַר וועמען האָסטו זיך געפירכטעט און געשראָ־
קען וואָס דו ביזט פאַלש געוואָרען, און מיך האָסטו
ניט דערמאָנט און ניט גענומען האָסטו זיך צום
האַרצען? איז עס ניט, ווייל איך שווייג פון אייביג
אָן דרום שרעקסטו זיך ניט פאַר מיר?
12 איך וועל דיין אורטהייל אַרויסזאָגען — און דיינע
אויפטהוען וועלען דיר ניט העלפען.
13 ווען דו שרייסט, זאָלען דיך דיינע באַנדעס רעטען;
אָבער זיי אַלעמען וועט דער ווינד אַוועקטראָגען,
אַ הויך וועט זיי אַוועקנעהמען; דאָך דער וואָס בע־
שיצט זיך מיט מיר, וועט בעזיצען דאָס לאַנד, און
איינגעהמען מיין היילִיגען באַרג.
14 און ער וועט זאָגען: טרעט אויס, טרעט אויס, רייניגט
אָפּ דעם וועג; הייבט אויף יעדע שטרויכלונג פון דעם
וועג פון מיין פאָלק.
15 דען אַזוי האָט געזאָגט דער הויכער און ערהאַבענער,
דער וואָס טהראָנט אייביג, וואָס היילִיגער איז זיין
נאָמען: אין הויכקייט און אין היילִיגקייט וואָהן
איך, אָבער אויך ביי דעם נידערגעשלאָגענעם און
דעם אַרונטערגעפאַלענעם אין גייסט, אום צו בעלע־
בען דעם גייסט פון די אַרונטערגעפאַלענע, און צו
בעלעבען דאָס הערץ פון די נידערגעשלאָגענע.

16 דען ניט אייביג פיהר איך שטרייט, און ניט שטענדיג
צאָרען איך; דען דער גייסט בעקליידט זיך (אין א
קערפער) דורך מיר, און איך האָב די זעעלע בעשאפען.
17 פאר די זינד פון זיין גיעריגקייט האָב איך געצאָרענט,
און האָב איהם געשלאָגען, פערבאָרגענדיג (מיין גע־
זיכט), און האָב געצאָרענט, ווייל ער איז געגאנגען
אויסגעלאסענערהייד אין דעם וועג וואָס זיין הערץ
געלוסט.
18 זיינע וועגען האָב איך געזעהן, און איך וועל איהם
היילען; און איך וועל איהם פיהרען, און וועל
שענקען טרייסטונגען איהם און זיינע טרויערערס.
19 (איך) בעשאף א ליפען־פרוכט (א ווארט): „פרידען!
פרידען צו דעם ווייטען און דעם נאָהנטען", זאָגט
גאָט; „און איך וועל איהם היילען".
20 און די פערברעכער זיינען ווי א צורודערטער ים,
וועלכער קען ניט איינרוהען און זיינע וואסערען
ווארפען ארויס קויט און לעהם.
21 עס איז ניטאָ קיין פרידען, זאָגט מיין גאָט, פאר די
פערברעכערס.

קאפיטעל נח.

1 רוף אויס מיט פולער קעהל, האלט ניט צוריק: ווי א
טראָמפייט הויב אויף דיין שטים, און ערקלער מיין

פאָלק, זיין פערברעכען, און דעם הויז פון יעקב זיין
זינד.
2 און זיי זוכען מיך נאָך, טאָג פאַר טאָג, און ווילען מיינע
וועגען וויסען; אַזוי ווי אַ נאַציאָן וואָס האָט געטהאָן
גערעכטיגקייט, און דאָס געבאָט פון איהר גאָט ניט
פערלאָזען, פרעגען זיי ביי מיר די געזעצען פון גע־
רעכטיגקייט, און די פריינדשאַפט פון גאָט בעגעה־
רען זיי.
3 „ווארום פאַסטען מיר און דו זעהסט ניט? ווארום
פייניגען מיר אונזער זעעל און דו בעמערקסט ניט?“
— אין דעם טאָג פון אייער פאַסטען האָט איהר דאָך
פערגעניגען, און אַלע אייערע פערוועלעניסען צווינגט
איהר ערפילט צו ווערען.
4 פאַר קריג און פאַר האַמפּעריי פאַסט איהר בלויז, און
אום צו שלאָגען מיט דעם פערברעכערישען פויסט;
איהר פאַסט ניט אין דעם דאָזיגען טאָג אום אייער
שטים זאָל אין דער הויך געהערט ווערען.
5 איז דאָס דער פאַסט־טאָג וועלכען איך בעגעהר? אַ
טאָג ווען דער מענש פייניגט זיין זעעל? איינבויגען
זיין קאָפּ ווי אַ וואַסער־שטעקעל, און אויף זאַק־
קליידער און אַש זיך אויסבעטען, דאָס רופסטו אַ
פאַסט־טאָג, און אַ טאָג פון גנאָד ביי גאָט?
6 איז דען ניט אָט־דאָס דער פאַסט־טאָג וועלכען איך בע־
געהר: לויז צו מאַכען די פענטעס פון פערברעכען,

אָפּצובינדען די קנופּען פון דעם יאָך, און אַרויסלאָזען
די אונטערדריקטע פריי און איהר זאָלט יעדען
יאָך צוברעכען?

7 מיינט עס ניט, דעם ניטהבעדירפטיגען פון דיין ברויט
איינצוטהיילען? אַז די פערביטערטע אָרעמע לייט
זאָלסטו אין דיין הויז אַריינברינגען? אַז דו וועסט
זעהן אַ נאַקעטען זאָלסטו איהם בעדעקען, און פון
דיין אייגען פלייש זאָלסטו זיך ניט פערהיילען?

8 דאַן ערשט וועט ווי דער מאָרגען דיין ליכט אייפּברעכען,
און דיין היילונג וועט שנעל אַרויסשפּראָצען; און
דיר פאָראויס וועט געהן דיין עהרליכקייט, און דער
גלאַנץ פון גאָט וועט זיין דיין נאָכבעגלייטער.

9 דאַן וועסטו רופען און גאָט וועט ענטפערן, דו וועסט
שרייען און ער וועט זאָגען: אָט בין איך. ווען דו
וועסט אָפּשאַפען פון צווישען דיר פעריאָבונג, און
אויסשטרעקונג פון פינגער, און רעדען אונרעכט;

10 און דו וועסט אַהועקגעבען צו דעם הונגעריגען דיין
זעעלע, און די זעעל פון דעם בעדריקטען וועסטו
דערקוויקען; דאַן וועט אין דער פינסטערניס דיין
ליכט אַרויסשיינען, און דיין דונקעלהייט וועט זיין ווי
דער מיטטען פון טאָג.

11 און גאָט וועט דיך שטענדיג פיהרען, און אין טריקע־
ניסען וועט ער דיין זעעל זעטיגען, און דיינע ביינער
וועט ער שטאַרקען; און דו וועסט זיין ווי אַ'ן אָנגע־

טרינקענער גאָרטען, און ווי אַ וואַסער־קוואַל וואָס
זיינע וואַסערען טריקענען ניט אויס.
12 און (די וואָס קומען אַרויס) פון דיר וועלען ווידער־
אויפבויען די אַלטע רואינען, די (חורבות פון) די
פונדאַמענטען פון דור דורות ווענסטו ווידער אויפ־
שטעלען; און דו וועסט זיך רופען: דער פערמויערער
פון שפּאַלטען, דער וואָס פעררעכט די וועגען צום
וואָוהנען.
13 ווען דו וועסט דיין פוס צוריקהאַלטען צוליעב שבת,
פון טהאָן דיינע געשעפטען אין מיין היילינגען טאָג;
ווען דו וועסט ערקלערען דעם שבת אַ (טאָג פון)
פרייד, און דעם געהייליגטען (טאָג) פון גאָט, גע־
אַכטעט; און דו וועסט איהם אַכטען און ניט מאַכען
דיינע רייזען, און ניט פעררעכטען דיינע געשעפטען,
און ניט ריידען (וואָכעדיגע) ווערטער:
14 דאַן וועסטו זיך קוויקען מיט גאָט; און איך וועל דיך
אַרויפזעצען אויף די הויכקייטען פון דער ערד, און
איך וועל דיך מאַכען געניסען דאָס אייגענטהום פון
יעקב׳ן דיין פאָטער; דען דאָס מויל פון גאָט האָט
גערעדט.

קאַפּיטעל נט.

1 דען די האַנד פון גאָט איז ניט צו קורץ צו העלפען, און
זיין אויער איז ניט צו שווער צו הערען.

2 בלויז אייערע זינד פלעגען אפשיידען צווישען אייך און אייער גאט; און אייערע פערברעכען האבען פער־פערבארגען (מיין) געזיכט פון אייך אום ניט צו הערען.

3 דען אייערע הענד זיינען בעפלעקט מיט בלוט, און אייערע פינגער מיט זינד; אייערע ליפען זאגען ליגען און אייער צונג רעדט בעטרוג.

4 קיינער בערופט זיך ניט אויף עהרליכקייט, און קיינער פיהרט ניט זיין שטרייטיגקייט מיט וואהרהייט; זיי פערלאזען זיך אויף בעטרוג און רעדען פאלש־קייט; זיי שוואנגערען מיט שלעכטיגקייט און געבע־רען אונרעכט.

5 שלאנגען־אייער בריהען זיי אויס, און שפינוועבס וועבען זיי: דער וואס עסט פון זייערע אייער מוז שטארבען, און פון דעם וואס ווערט צודריקט, ברעכט ארויס א גיפטיגע שלאנג.

6 זייערע געוועבען טויגען ניט פאר א קלייד, זיי קענען זיך ניט צודעקען מיט זייער ווערק; זייערע ווערק זיינען ווערק פון אונרעכט, און די ארבייט פון בע־דריקונג איז אין זייערע הענד.

7 זייערע פיס לויפען צו שלעכטיגקייט; און זיי איילען זיך צו פערגיסען אונשולדיג בלוט; זייערע געדאנקען זיינען געדאנקען פון אונרעכט; פערוויסטונג און צושטערונג איז אויף זייערע שטעגען.

8 דעם וועג פון פרידען ווייסען זיי ניט ; קיין גערעכטיג־
קייט איז ניטאָ אין זייערע שפּורען ; זיי האָבען פאַר
זיך אַליין פערקרימט זייערע שטעגען ; דער וואָס
געהט אויף זיי ווייסט ניט פון קיין פרידען.

9 דרום איז גערעכטיגקייט ווייט פון אונז, און קיין הילף
קומט ניט צו אונז ; מיר האָפען אויף ליכט און עס
איז פינסטערניס, (מיר האָפען) אויף אַ שיין אָבער
מיר מוזען אין דונקעלהייט וואַנדערן.

10 מיר טאַפּען ווי בלינדע אויף אַ וואַנד, און אַזוי ווי
אָהן אויגען טאַפּען מיר ; אין מיטען טאָג ווערען מיר
געשטרויכעלט ווי אין אבענד, אין פינסטערניס (זיינען
מיר) אַזוי ווי די טויטע.

11 מיר ברומען ווי די בערען, אַלע ; און ווי די טויבען
וואָרקען מיר ; מיר האָפען אויף גערעכטיגקייט, און
זי איז ניט פאַראַן, אויף הילף (אָבער) זי איז ווייט
פון אונז.

12 דען פיעל זיינען אונזערע פערברעכען פאַר דיין גע־
זיכט, און אונזערע זינד זאָגען עדות קעגען אונז ;
דען אונזערע פערברעכען זיינען אונז בעקאַנט, און
אונזערע זינד — מיר ווייסען זיי : —

13 (מיר האָבען) פערבראָכען און געלייקענט אָן גאָט, און
(מיר זיינען) צוריקגעטרעטען פון אונזער האַרר; (מיר
האָבען) געפּלאַנט בעדריקונג און ווידערשפּעניגקייט;

געשוואַנגערט, און אַרויסגעבראַכט פון הערצען, ווערטער פון ליגען.

14 און אָפּגעטרעטען אַהינטער איז דאָס רעכט, און די גערעכטיגקייט שטעהט פון דער ווייט; דען גע־שטרויכעלט געוואָרען אין גאַס איז די וואַהרהייט, און די עהרליכקייט קען ניט אַריינקומען.

15 און עס פעהלט די וואַהרהייט, און דער וואָס איז אָפּ־געקעהרט פון שלעכטס ווערט בעטראַכט ווי וואַהנ־זיניג; און גאָט האָט (עס) געזעהן, און עס האָט פערדראָסען זיינע אויגען, וואָס עס איז קיין גערעכ־טיגקייט ניטאָ.

16 און ער האָט געזעהן אַז עס איז ניטאָ קיין מאַן, און ער האָט זיך געוואונדערט וואָס קיינער שטעלט זיך ניט איין; און זיין (אייגענער) אָרעם איז איהם צו הילף געקומען, און זיין גערעכטיגקייט — זי האָט איהם געשטיצט.

17 און ער האָט אָנגעטהאָן גערעכטיגקייט ווי אַ פּאַנצער, און אַ העלם פון רעטונג אויף זיין קאָפּ; און ער האָט אָנגעטהאָן די קליידער פון ראַכע פאַר אַ קליידונג, און האָט מיט צאָרען ווי מיט אַ מאַנטעל זיך איינגע־דעקט.

18 אַזוי ווי נאָך די פערדינסטען אַזוי וועט ער בעצאָהלען, גרימצאָרן צו זיינע פיינד, בעשטראָפונג צו זיינע

געגנערס; די אינזלען וועט ער צאָהלען ווי (זיי
האָבען) פערדינט.

19 און פון מערב וועלען זיי זיך שרעקען פאַר דעם
נאָמען פון גאָט, און פון דעם אויפגאַנג פון דער זון—
פאַר זיין גלאַנץ; דען אַזוי ווי אַ שטראָם וועט קומען
דער פיינד, דער גייסט פון גאָט טרייבט איהם אָן.

20 אָבער פאַר ציון וועט קומען אַ דערלייזער, און פאַר די
וואָס בעקעהרען זיך פון זינד אין יעקב — איז דער
שפרוך פון גאָט.

21 און איך — דאָס איז מיין בונד מיט זיי, זאָגט גאָט:
מיין גייסט וואָס איז אויף דיר, און מיינע ווערטער
וואָס איך האָב אַריינגעטהאָן אין דיין מויל, וועלען
ניט אָפּגעטהאָן ווערען פון דיין מויל, און פון דעם
מויל פון דיינע קינדער, און פון דעם מויל פון דיינע
קינדס־קינדער, זאָגט גאָט, פון אַצונד אָן ביז אין
אייביגקייט.

קאפיטעל ס.

1 שטעה אויף, לויכט אויף, דען דיין ליכטיגקייט איז גע־
קומען; דער גלאַנץ פון גאָט שיינט איבער דיר.

2 דען פינסטערניס בעדעקט די ערד און אַ נעבעל די
פעלקער, אָבער איבער דיר וועט שיינען גאָט,און זיין
גלאַנץ וועט זיך בעוויזען אויף דיר.

3 און נאַציאָנען וועלען געהן פאַר דיין ליכטיגקייט, און
קיניגען — פאַר די העלקייט פון דיין שיין.

4 הויב אויף דיינע אויגען רונד אַרום, און זעה: פערזאַ־
מעלט האָבען זיי זיך אַלע, געקומען זיינען זיי צו
דיר; דיינע זיהן קומען פון דער ווייטען, און דיינע
טעכטער ווערען אויף די אָרעמס געטראָגען.
5 דאַן וועסטו זעהן און וועסט אויפלייכטען, און דיין
הערץ וועט ציטערען און ברייט ווערען, דען צו דיר
וועט זיך אַ קעהר טהאָן דער רייכטהום פון דעם ים;
דער פערמעגען פון די נאַציאָנען וועט קומען צו דיר.
6 אַ פלייצונג פון קאַמעעלען וועט דיך בעדעקען, די יונגע
קאַמעעלען פון מדין און עיפה; זיי אַלע וועלען פון
שבא קומען; גאָלד און ווייהרויך וועלען זיי טראָגען;
און דעם לויב פון גאָט וועלען זיי דערצעהלען.
7 אַלע שאָף פון קדר זאַמלען זיך צו דיר, די באַראַנעס פון
נביות וועלען דיך בעדיענען; זיי וועלען מיט לייט־
זעליגקייט אַרויפגענומען ווערען אויף מיין אַלטאַר;
און דאָס הויז פון מיין פראַכט וועל איך בעשעהנען.
8 ווער זיינען די, וועלכע פליהען ווי אַ וואָלקען, און ווי
די טויבען צו זייערע נעסטען?
9 דען צו מיר ציהען זיך די אינזלען, מיט די שיפען פון
תרשיש פאָראויס, אום צו ברינגען דיינע קינדער
פון דער ווייט, (און) מיט זיי, זייער זילבער און זייער
גאָלד, צוליעב דעם נאָמען פון גאָט דיין האַרר, צו־
ליעב דעם הייליגען פון ישראל וועלכער האָט דיך
בעשענט.

10 און די זיהן פון פרעמדע וועלען בויען דיינע מויערען,
און זייערע קיניגען וועלען דיך בעדיענען; דען אין
מיין צאָרן האָב איך דיך געשלאָגען און אין מיין
לייטזעליגקייט האָב איך זיך דערבאַרעמט אויף דיך.

11 און אָפען וועלען זיין דיינע טהויערען שטענדיג, טאָג
און נאַכט, ניט פערשלאָסען ווערען וועלען זיי, אום
מע זאָל ברינגען צו דיר דאָס פערמעגען פון די נאַציאָ־
נען און זייערע (געפאַנגען־) געפיהרטע קיניגען.

12 דען די נאַציאָן און דאָס קיניגרייך וואָס וועלען ניט
דיענען צו דיר, וועלען אונטערגעהן און די נאַציאָ־
נען וועלען פערטיליגט ווערען.

13 די פּראַכט פון דעם לבנון וועט קומען צו דיר, דער
ציפּרעס, און דער טענענבוים און דער בוקסענבוים
צוזאַמען, צו בעשעהנען דעם פּלאַטץ פון מיין הייליג־
טהום, און דעם אָרט פון מיינע פיס וועל איך מיט
גלאַנץ בעדעקען.

14 און איינגעבויגען וועלען געהן צו דיר די זיהן פון
דיינע פייניגער, און בוקען וועלען זיך צו די
זויהלען פון דיינע פיס, אַלע דיינע לעסטערערס;
און זיי וועלען דיך רופען: די שטאָדט פון גאָט,
ציון (די שטאָדט) פון דעם הייליגען פון ישראל.

15 שטאט וואָס דו ביזט געווען פערלאָזען, און פער־
האַסט, אָהן אַ דורכפאָהרער — וועל איך מאַכען

פון דיר אַ'ן אייביגע פּראַכט, די פרייד פון אַלע
צייטען.
16 און דו וועסט זויגען דאָס מילך פון נאַציאָנען, און די
ברוסט פון קיניגען וועסטו זויגען, און דו וועסט
וויסען אַז איך, גאָט בין דיין רעטער, און דיין אויס־
לייזער איז דער מעכטיגער פון יעקב.
17 שטאַט קופּער וועל איך ברינגען גאָלד, און שטאַט
אייזען — זילבער, און שטאַט האָלץ — קופּער, און
שטאַט שטיינער — אייזען, און איך וועל מאַכען
פאַר אַ הערשאַפט איבער דיר פרידען, און פאַר רע־
גיערערס — גערעכטיגקייט.
18 ניט מעהר זאָל אונרעכט געהערט ווערען אין דיין
לאַנד, פערוויסטונג און צושטערונג — אין דיינע
גרענעצען; און דו וועסט דיינע מויערען רופען:
רעטונגען, און דיינע טהויערען: לויב (צו גאָט).
19 די זונן וועט דיר מעהר ניט זיין פאַר אַ ליכט ביי טאָג,
און פון העלקייט וועגען וועט דיר די לבנה מעהר
ניט שיינען; נאָר דער אייביגער וועט דיר זיין אַ'ן
אייביג ליכט, און דיין גאָט — דיין צירונג.
20 מעהר ניט אונטערגעהן וועט דיין זונן, און דיין לבנה
וועט ניט פערגעהן, דען גאָט וועט דיר זיין אַ'ן
אייביג ליכט, און געענדיגט וועלען זיין די טעג פון
דיין טרויער.
21 און דיין פאָלק, וועלען אַלע זיין גערעכטע, אייביג

בעזיצען וועלען זיי דאָס לאַנד, דער אויסוואוקס פון
מיין פלאַנצונג, דאָס ווערק פון מיינע הענד, מיט
וועלכע איך ריהם זיך.
22 דער מינדסטער וועט ווערען אַ טויזענד, און דער
קלענסטער אַ מעכטיגע נאַציאָן; איך גאָט, וועל עס
שנעל אויספיהרען, אין דער (ריכטיגער) צייט.

## קאַפּיטעל סא.

1 דער גייסט פון גאָט איז אויף מיר; ווייל גאָט האָט מיך
געזאַלבט, (דרום) האָט ער מיך געשיקט אָנצוזאָגען
(די גוטע נאַכריכט צו) די בעדריקטע, צו היילען די
וואָס זייער הערץ איז געבראָכען, צו ערקלערען פאַר
די געפאַנגענע פרייהייט, און פאַר די געבונדענע —
אויסלייזונג.
2 אויסצורופען אַ יאָהר פון לייטזעליגקייט פאַר גאָט,
און אַ טאָג פון ראַכע פאַר אונזער האַרר; צו טרייס־
טען אַלע וואָס טרויערען.
3 צו מאַכען פאַר די טרויערערס פון ציון, און זיי צו
געבען, שעהנהייט שטאט שטויב, אויל פון פרייד
שטאט טרויער, אַ פּראַכט־קלייד שטאט אַ בעטריבט
געמיטה, און מע זאָל זיי רופען: די דעמבעס פון
גערעכטיגקייט, די פלאַנצונג פון גאָט מיט וועלכער
ער ריהמט זיך.
4 און זיי וועלען ווידער אויפבויען די אַלטע רואינען, די

פערוויסטע ערטער פון פערצייטען וועלען זיי
ווידער אויפריכטען; און זיי וועלען בנייען די
איינגעפאַלענע שטעדט, די פערוויסטע פלעצער
פון פיעל צייטען.

5 און פרעמדע וועלען שטעהן און פיטערען אייער פיה,
און זיהן פון פרעמדע (וועלען זיין) אייערע ערד־
אַרבייטער און אייערע וויינגערטנערס.

6 און איהר וועט זיך, די פריסטער פון דעם איביגען
רופען; דיענער פון גאָט, וועט מען זאָגען צו אייך;
דאָס רייכטהום פון די נאַציאָנען וועט איהר עסען,
און זייער פראַכט וועט איהר פאַר זיך צונעהמען.

7 שטאט אייער שאַנד (וועט איהר קריגען) אַ דאָפּעלטע
בעצאָהלונג; שטאט דער בעליידיגונג וועלען זיי
זינגען אויף זייער (גליקליכען) טהייל. דרום וועלען
זיי אין זייער לאַנד דאָס דאָפּעלטע האָבען; איביגע
פרייד וועט זיין ביי זיי.

8 דען איך, גאָט, האָב ליעב גערעכטיגקייט (און) האַס
אונגערעכטע רויבעריי; און איך וועל עהרליך זייער
אַרבייטס־לויהן בעצאָהלען; און אַ'ן איביגען בונד
וועל איך מיט זיי שליסען.

9 און בעקאַנט ווערען וועט צווישען די נאַציאָנען זייער
זאָמען, און זייערע אָבשטאַמונגען צווישען די פעל־
קער; דער וואָס וועט זיי זעהן וועט זיי דערקענען,
אַז זיי זיינען דער זאָמען וועלכען גאָט האָט געבענשט.

10 שטאַרק פרעה איך זיך מיט דעם אייביגען, מיין זעעל
איז לוסטיג דורך מיין גאָט, דען ער האָט מיך אָנגע־
טהאָן קליידער פון הילף, מיט אַ מאַנטעל פון לייט־
זעליגקייט האָט ער מיך בעדעקט; אַזוי ווי אַ חתן
פוצט זיך אויס אין זיין פראַכט־קלייד, און ווי אַ
כלה בעפוצט זיך מיט איהרע צירונגען.
11 דען אַזוי ווי די ערד ברינגט אַרויס איהר שפּראָצונג,
און ווי אַ גאָרטען לאָזט זיינע פערזייהטע קערנער
אַרויסשפּראָצען, אַזוי וועט גאָט דער האַרר מאַכען
שפּראָצען לייטזעליגקייט און רוהם, פאַר (די אויגען
פון) אַלע נאַציאָנען.

קאַפּיטעל סב.

1 צוליעב ציון וועל איך ניט שווייגען, און צוליעב
ירושלים וועל איך ניט שטיל זיין, ביז עס וועט ווי אַ
העלקייט (פון ליכט), אַרויס איהר גערעכטיגקייט,
און איהר הילף וועט ווי אַ פייער־פאַקעל ברענען.
2 און די פעלקער וועלען זעהן דיין גערעכטיגקייט, און
אַלע קיניגען — דיין פראַכט, און מען וועט דיך
רופען אַ נייעם נאָמען, וועלכען דאָס מויל פון גאָט
וועט בעשטימען.
3 און דו וועסט זיין אַ קרוין פון צירונג אין דער האַנד
פון דעם אייביגען, און אַ קיניגליכער קאָפּ־באַנד
אין דער האַנד פון דיין גאָט.

4 מע וועט ניט זאָגען מעהר צו דיר: פערלאָזענע; און צו
דיין לאַנד וועט מען ניט זאָגען מעהר: פערוויסטע;
נאָר מע וועט דיך רופען: חפצי בה („מיין בעגעהר איז
צו איהר”) און דיין לאַנד: פערהייראַטהעטע; דען
גאָט וועט דיך ליעב האָבען, און דיין לאַנד וועט אַ
מאַן קריגען.
5 אַזוי ווי אַ יונגער מאַן הייראַטהעט מיט אַ יונג פרוי,
אַזוי וועלען דיינע קינדער זיך פערהייראַטהען מיט
דיר; און אַזוי ווי עס פרעהט זיך דער חתן מיט דער
כלה, אַזוי וועט זיך פרעהען מיט דיר דיין גאָט.
6 אויף דיינע מויערען, ירושלים, האָב איך אויפגעשטעלט
וועכטער, אַ גאַנצען טאָג און אַ גאַנצע נאַכט, קיינ־
מאָל זאָלען זיי ניט שווייגען; איהר, די וואָס דער־
מאָנט גאָט, קיין רוה זאָל פאַר אייך ניט זיין.
7 און איהר זאָלט איהם קיין רוה ניט געבען, ביז ער
וועט אויפשטעלען און ביז ער וועט מאַכען ירושלים
פאַר אַ רוהם אויף דער ערד.
8 געשוואָרען האָט גאָט ביי זיין רעכטער האַנד, און ביי
זיין מעכטיגען אָרעם: איך וועל מעהר ניט געבען
דיין געטריידע פאַר אַ שפּייז צו דיינע פיינד, און עס
וועלען מעהר ניט טרינקען די זוהן פון דעם פרעמ־
דען דיין יונגען וויין, אויף וועלכען דו האָסט זיך
געמיהט.
9 נאָר זיינע זאַמלערס וועלען עס עסען, און וועלען לויבען

גאָט; און זיינע אויפקלייבערס וועלען איהם טרינ־
קען אויף די הויפען פון מיין הייליגטהום.
10 געהט דורך, געהט דורך די טהויערען, רוימט אָפּ דעם
וועג פון פאָלק; טרעט אויס, טרעט אויס דעם שטעג,
רייניגט אָפּ די שטיינער, הויבט אויף אַ סיגנאַל פאַר
די נאַציאָנען.
11 אָט האָט גאָט געלאָזט הערען ביז דעם עק פון דער
ערד: זאָג צו דער טאָכטער פון ציון: אָט איז דיין
הילף; אָט איז זיין לויהן מיט איהם און זיין פער־
געלטונג (געהט) איהם פאָראויס.
12 און מע וועט זיי רופען: דאָס הייליגע פאָלק, די אויס־
געלייזטע פון גאָט; און דיך וועט מען רופען: די
געזוכטע, די ניט־פערלאָזענע שטאָדט.

קאפיטעל סג.

1 ווער איז דער וואָס קומט פון אדום, מיט העל־רויטע
קליידער—פון בצרה? דער, וואָס פרעכטיג איז אין זיין
קליידונג, דער וואָס בעוועגט זיך מיט זיין שטאַרקער
קראַפט? — איך, וועלכער רעד מיט גערעכטיג־
קייט, (און בין) מעכטיג צו העלפען.
2 ווארום איז רויטקייט אויף דיין אַנצוג, און דיינע קליידער
זיינען ווי ביי דעם וואָס טרעט אין אַ וויין־קעלטער?
3 אַ וויין־קעלטער האָב איך איינער אליין געטרעטען, און
פון די פעלקער איז קיינער מיט מיר ניט געוועזען;

און איך האָב זיי געטרעטען אין מיין צאָרן, און איך
האָב זיי געטראָמפּעלט אין מיין וואוטה; און גע־
שפּריצט האָט זייער לעבענס־זאַפט אויף מיינע קליי־
דער, און מיין גאַנצע קליידונג האָב איך בעפלעקט.
4 דען אַ טאָג פון ראַכע איז אין מיין הערצען, און דאָס
יאָהר פון מיינע אויסגעלייזטע איז געקומען.
5 און איך האָב זיך אַרומגעקוקט און עס איז קיין העלפער
ניט געוועזען; און איך האָב זיך געוואונדערט, אָבער
עס איז קיין שטיצע ניט געוועזען; דאַן איז מיר מיין
אָרעם צו הילף געקומען, און מיין וואוטה האָט מיך
געשטיצט.
6 און איך האָב צוקוועטשט די פעלקער אין מיין צאָרן,
און איך האָב זיי בערוישט מיט מיין וואוטה, און האָב
זייער שטאַרקייט אַרונטערגעבראַכט צו דער ערד.
7 די גנאָדען פון גאָט וועל איך דערמאָנען, די לויבען
פון גאָט, פאַר אַלין וואָס געטהאָן האָט מיט אונז
גאָט, און דאָס פיעל גוטס פאַר דאָס הויז פון ישראל,
וואָס ער האָט געטהאָן מיט זיי, לויט זיין באַרעמ־
הערציגקייט און לויט זיינע פיעל גנאָדען.
8 און ער האָט געזאָגט: מיין פאָלק זיינען זיי דאָך,
קינדער וועלכע וועלען ניט אונטריי בלייבען; און
ער איז זיי אַ רעטער געוואָרען.
9 אין אַלע זייערע לײדען האָט ער געליטען, און דער
ענגעל פון זיין געזיכט האָט זיי ארויסגעהאָלפען;

צוליעב זיין ליעבשאַפט, און צוליעב זיין באַרמ־
הערציגקייט האָט ער זיי אויסגעלייזט; און ער האָט
זיי אויפגעהויבען און האָט זיי געטראָגען אין אַלע
טעג פון פערצייטען.

10 אָבער זיי האָבען ווידערשפעניגט און זיי האָבען בע־
טריבט זיין היילִיגען גייסט; און ער איז זיי פער־
ביטען געוואָרען אין אַ פיינד; געשטריטען האָט ער
קעגען זיי.

11 דאַן האָט זיך זיין פאָלק דערמאָנט אָן די טעג פון
פערצייטען, אָן משה'ן: וואו איז דער וואָס האָט זיי
אַרויפגעבראַכט פון ים, דורך דעם פאַסטוך פון זיינע
שעפסען? וואו איז דער וואָס האָט אַריינגעטהאָן
אין איהם זיין היילִיגען גייסט?

12 דער וואָס האָט מיטגעשיקט ביי דער רעכטער האַנד
פון משה'ן דעם אָרעם פון זיין פראַכט, וואָס האָט צו־
שפּאָלטען די וואַסערען פאַר זיי, אום זיך צו מאַכען
אַ'ן אייביגען נאָמען;

13 וואָס האָט זיי געפיהרט דורך אָפּגרונדען אַזוי ווי אַ
פערד אין דער (פרייער) וויסטע, (און) זיי זיינען ניט
געשטרויכעלט געוואָרען;

14 ווי אַ פיה נידערט אַרונטער צום טהאָל, האָט זיי דער
גייסט פון גאָט געבראַכט צו זייער רוה; אַזוי האָסטו
געפיהרט דיין פאָלק, צו מאַכען זיך אַ פּרעכטיגען
נאָמען.

15 קוק אַרונטער פון די הימלען, און זעה פון דער וואָהר־
נונג פון דיין היילינקייט און דיין פּראַכט: וואו איז
דיין אָננעהמען־זיך (פאַר אונז), און דיינע העלדיש־
קייטען? די ריהרונג פון דיינע אינגעווייד און דיין
באַרמהערציגקייט האַלטען זיך איין קעגען מיר.
16 דען דו ביזט אונזער פאָטער; דען אברהם ווייס ניט
פון אונז און ישראל קען אונז ניט; דו, גאָט, ביזט
אונזער פאָטער; „אונזער אויסלייזער" איז פון אייביג
אָן דיין נאָמען.
17 ווארום לאָזט אונז אַוועקבלאָנדזשען, אָ גאָט, פון
דיינע וועגען? (און) פערהאַרטעוועסט אונזער
האַרץ זיך ניט צו שרעקען פאַר דיר? קעהר זיך אום,
צוליעב דיינע קנעכט, (צוליעב) די שטאַמען פון דיין
אייגענטהום.
18 בלויז אַ קורצע ווילע האָט בעזעסען דיין הייליג
פאָלק (דאָס לאַנד); אונזערע פיינד האָבען צוטראַמ־
פעלט דיין הייליגטהום.
19 מיר זיינען געוואָרען, אַזוי ווי (די) וואָס דו האָסט קיינ־
מאָל ניט געהערשט איבער זיי און דיין נאָמען איז
אויף זיי ניט גערופען געוואָרען. אָ ווען דו זאָלסט
צורייסען די הימלען (און) אַרונטערנידערען; פון דיין
געזיכט וואָלטען די בערג צורונען געוואָרען,

קאַפּיטעל סד.

1 אַזוי ווי פייער צוקאָכט שמעלצעדיגע זאַכען (און ווי)

פייער צובלעזעלט וואסער — אום בעקאנט צו מאכען
דיין נאמען צו דיינע פיינד ; פאר דיין געזיכט וואל־
טען די פעלקער אויפגעציטערט.

2 (אמאל), ווען דו האסט אויפגעטהאן שרעקליכע זאכען
וועלכע מיר האבען ניט ערוואַרט, האסטו ארונטער־
געגידערט (און) פאר דיין געזיכט זיינען די בערג
צורונען געוואָרען.

3 און פון אייביג אן האט מען ניט געהערט, ניט פערנו־
מען (אזוי וואס); קיין אויג האט ניט געזעהן אז א גאט
אויסער דיר זאל (עס) טהאן פאר דעם וואס האפט
צו איהם.

4 (דען) דו האסט אנגעטראפען אזעלכען וואס האט גע־
טהאן מיט פרייד גערעכטיגקייט (און אזעלכע) וואס
האבען געדענקט אן דיך און דיינע וועגען ; און כאטש
דו האסט געצאָרענט ווייל מיר האבען געזינדיגט,
זיינען מיר (דאך) דורך ז י י אויף אייביג געהאלפען
געוואָרען.

5 אבער (איצט) זיינען מיר אלע ווי א'ן אומריינער געוואָ־
רען, און ווי א שמוציג קלייד זיינע אלע אונזערע גוטע
טהאטען ; און מיר וועלקען ווי א בלאט, אלע ; און
אונזער פערברעכען טראגט אינז ווי א ווינד אוועק.

6 און קיינער רופט ניט דיין נאמען, קיינער כאפט זיך
ניט אויף, אום זיך אנצוהאלטען אן דיר ; דען דו
האסט פערבארגען דיין געזיכט פון אונז, און האסט

אונז געמאַכט צוגעהן דורך די מאַכט פון אונזערע זינד.

7 און אַצונד גאָט, אונזער פאָטער ביזטו; מיר זיינען דער לעהם און דו ביזט דער וואָס פורעמט אונז; די ווערק פון דיינע הענד זיינען מיר אַלע.

8 ניט שטאַרק צאָרנען זאָלסטו אויף אונז, אָ גאָט; און ניט אייביג זאָלסטו געדענקען די זינד; אָט, קוק נאָר, דיין פאָלק זיינען מיר אַלע.

9 דיינע הייליגע שטעדט זיינען געוואָרען אַ וויסטע; ציון איז אַ וויסטע געוואָרען; ירושלים אַ פוסטער פּלאַטץ.

10 אונזער הייליג און פּרעכטיג הויז, וואו אונזערע עלטערען האָבען דיר לויב געגעבען, איז געוואָרען פערברענט פון פייער, און אַלע אונזערע טהייערקייטען זיינען פערוויסט געוואָרען.

11 וועסט דו נאָך די אַלע (זאַכען) זיך איינהאַלטען, אָ גאָט? ווערסטו שווייגען און אונז אַזוי שטאַרק פייניגען?

קאַפּיטעל סה.

1 איך האָב איינגעוויליגט צו די וועלכע האָבען ניט געפרעגט, איך האָב זיך געלאָזען געפונען ווערען פון די וועלכע האָבען מיך ניט געזוכט; איך האָב געזאָגט: אָט בין איך, צו אַ נאַציאָן וואָס האָט זיך ניט גערופען מיט מיין נאָמען.

2 איך האָב אויסגעשפּרייט מיינע הענד אַ גאַנצען טאָג,
צו אַ ווידערשפּעניג פאָלק, וועלכע געהען אויף דעם
ניט גוטען וועג, נאָך זייערע (אייגענע) געדאַנקען;
3 צו דעם פאָלק וואָס דערצאָרענט מיך נאָכאַנאַנד פאַר
מיין געזיכט, וואָס אָפּפערען אין די גערטנער און
רויכערען (וויהרויך) אויף די ציגעל (־אַלטאַרען);
4 די וואָס זיצען צווישען די גרעבער, און נעכטיגען אין
די גריבער; די וואָס עסען דאָס פלייש פון דעם
שוויין, און עקעלהאַפטע זופּ איז אין זייערע געפעס;
5 די וואָס זאָגען: געה זיך דיר, נעהנטער זיך ניט צו
מיר, דען איך בין הייליגער פון דיר. די זיינען רויך
אין מיין נאָז, אַ פייער וואָס ברענט דעם גאַנצען
טאָג.
6 אָט אויפגעשריעבען איז עס פאַר מיר; איך וועל ניט
שווייגען, ביז איך וועל האָבען בעצאָהלט, יא, ביז
איך וועל האָבען בעצאָהלט אין זייער בוזעם אַריין,
7 אייערע זינד און די זינד פון אייערע עלטערן צוזאַמען,
זאָגט גאָט. די וואָס האָבען גערייכערט (וויהרויך)
אויף די בערג, און האָבען מיך אויף די הויכע פלעצער
געלעסטערט — זיי וועל איך אָבמעסטען זייער לויהן
צוערשט, אין זייער בוזעם אַריין.
8 אַזוי האָט געזאָגט גאָט: אַזוי ווי עס געפינט זיך דער
יונגער וויין אין דעם בינטעל טרויבען, און מען
זאָגט, צושטער עס ניט דען אַ זעגען איז איהם, אַזוי

וועל איך טהון צוליעב מיינע קנעכט, און ניט אַלצ־
דינג צושטערען.
9 און איך וועל אַרויסברינגען פון יעקב אַ זאמען, און פון
יהודה אַ בעזיצער פון מיינע בערג, און מיינע אויס־
ערוועהלטע וועלען עס בעזיצען, און מיינע קנעכט
וועלען דאָרטען וואָוהנען.
10 און דער שרון וועט זיין אַ וואָהנאָרט פון פיה, און דער
טהאָל פון עכור אַ לאַגער פלאַץ פון רינדער, פאַר מיין
פאָלק וואָס האָט מיך געזוכט.
11 און איהר וועלכע פערלאָזט גאָט, און פערגעסט מיין
הייליגען באַרג, וועלכע גרייט אַ טיש צו גד און
מישט פאַר מני אַ געטראַנק —
12 איך וועל אייך פעראורטהיילען צו דעם שווערד, און
איהר אַלע וועט קניען זיך צו דער אויסשלאַכטונג;
ווייל איך האָב גערופען און איהר האָט ניט געענט־
פערט, איך האָב גערעדט און איהר האָט ניט געהערט,
און איהר האָט געטהאָן דאָס וואָס איז שלעכט אין
מיינע אויגען, און דאָס וואָס איך וויל ניט האָט איהר
אויסגעקליבען.
13 דרום האָט אַזוי געזאָגט גאָט דער האַרר: אָט וועלען
מיינע קנעכט עסען און איהר וועט הונגערן; אָט
וועלען מיינע קנעכט טרינקען און איהר וועט דאָר־
שטיג זיין; אָט, וועלען מיינע קנעכט זיך פרעהען
און איהר וועט זיך שעמען.

14 אָט װעלען מײנע קנעכט זינגען פון הערץ־פרײד, און
איהר װעט שרײען פון האַרץ־װעה, און פון א צובראָ־
כענעם געמיטה װעט איהר יאָמערן.

15 און איהר װעט לאָזען אײער נאָמען אַלס אַ פלוך־װאָרט
פאַר מײנע אױסערװעהלטע, װען גאָט דער האַרר
װעט דיך טױטען; אבער זײנע קנעכט װעט ער
רופען (מיט) אַן אנדער נאָמען.

16 דער װאָס װעט זיך בענשען אױף דער ערד, װעט זיך
בענשען מיט דעם װאַהרען גאָט, און דער װאָס װעט
שװערען אױף דער ערד װעט שװערען בײ דעם
װאַהרען גאָט; דען די פריהערדיגע לײדען װעלען
פערגעסען זײן און װעלען פערבאָרגען זײן פון מײנע
אױגען.

17 דען איך בעשאַף הימלען נײע, און אַ ערד אַ נײע; און
די פריהערדיגע װעלען ניט דערמאָנט װערען, און
װעלען ניט ארױפקומען אױפ'ן זינען.

18 אבער איהר זײט לוסטיג און פרעהט זיך ביז אײביג
מיט דעם װאָס איך בעשאַף; דען איך בעשאַף
ירושלים פאַר לוסטיגקײט און איהר פאָלק פאַר
פרײד.

19 און איך װעל זיך פרעהען מיט ירושלים און קװעלען
פון מײן פאָלק, און ניט מעהר געהערט װערען װעט
אין איהר די שטים פון געװײן, און די שטים פון
קלאָג.

20 און ניט מעהר אוועקגעהן זאָל פון דאָרט אַ קינד אין
טעג, אָדער אַ גרייז וואָס וועט ניט האָבען אויס־
געלעבט זיינע טעג: דען אַ יונגערמאַן וועט זיין,
דער וואָס וועט אַ הונדערט־יאָהריגער שטאַרבען, און
אַ זינדיגער וועט געשאָלטען ווערען (צו שטאַרבען)
הונדערט יאהר אַלט.

21 און זיי וועלען בויען הייזער און וועלען בעוואוהנען;
און זיי וועלען פלאַנצען וויין־גערטנער און וועלען
עסען זייערע פרוכטען.

22 זיי וועלען ניט בויען און אַנאַנדערער זאָל בעוואָהנען;
זיי וועלען ניט פלאַנצען און אַ'ן אַנדערער זאָל עסען:
דען אַזוי ווי טעג פון אַ בוים וועלען זיין די טעג פון
מיין פאָלק; און אויסניצען דאָס ווערק פון זייערע
הענד וועלען מיינע אויסערוועהלטע.

23 זיי וועלען זיך ניט מיהען אומנישט, און זיי וועלען ניט
געבערען פאַר אַ פּלוצלינגען טויט; דען דער זאמען
פון די גאָט־געבענשטע זיינען זיי, און זייערע שפּראָ־
צונגען (צוזאַמען) מיט זיי.

24 און עס וועט געשעהן, אַז איידער זיי וועלען רופען,
וועל איך ענטפערן; און ווען זיי האַלטען נאָך אין
רעדען וועל איך שוין האָבען אויסגעהערט.

25 אַ וואָלף און אַ שעפּס וועלען זיך פיטערען אינאיינעם;
און דער לייב וועט ווי דער רינד, עסען שטרוי, און
דער שלאַנג — שטויב וועט זיין זיין שפּייז; זיי

וועלען ניט שלעכטס טהון, און וועלען קיין שאדען
ניט טהון אויף דעם גאַנצען הייליגען בארג מיינעם,
זאָגט גאָט.

קאפיטעל סו.

1 אַזוי האָט גאָט געזאָגט: דער הימעל איז מיין טהראָן
און די ערד איז מיין פוס־בייגקעל; וואו איז אַ הויז
וואָס איהר קענט בויען פאַר מיר? און וואו איז דער
אָרט פון מיין רוה?
2 דען די אַלע האַט מיין האַנד בעשאַפען, און געוואָרען
זיינען די אַלע מיט דעם שפרוך פון גאָט; אבער
אויף אזעלכען קוק איך: אויף דעם אָרעמען און אויף
דעם וואָס איז דערשלאָגען אין גייסט, און דעם וואָס
ציטערט פאַן מיין וואָרט.
3 דער וואָס שלאַכט אַן אָקס איז דערזעלביגער וואָס
טויטעט אַ מענשען; דער וואָס אָפּפערט אַ שעפּס,
דער וואָס צוברעכט דאָס געניק פון אַ הונד; דער
וואָס ברינגט אַ שפּייז־אָפּפער, דערזעלביגער וואָס
אָפּפערט בלוט פון אַ שווייַן; דער וואָס רייכערט
ווייהרויך, דערזעלביגער וואָס בענשט אַן אָבגאָט —
אָט די אַלע האָבען אויסגעקליבען זייערע (אייגענע)
וועגען און זייערע אבשייליכקייטען געלוסט זייער
זעעל.
4 איך איך וועל אויסקלייבען זייערע אונגליקען, און דאָס
פאַר וואָס זיי שרעקען זיך, וועל איך ברינגען אויף

זיי; ווייל איך האָב גערופען און קיינער האָט ניט
געענטפערט, איך האָב גערעדט און זיי האָבען ניט
געהערט, און זיי האָבען געטהאָן דאָס וואָס איז
שלעכט אין מיינע אויגען, און דאָס וואָס איך האָב
ניט געוואָלט, האָבען זיי אויסגעקליבען
5 הערט צו דאָס וואָרט פון גאָט, איהר וואָס ציטערט פאַר
זיין וואָרט: עס האָבען געזאָגט אייערע ברידער, די
וואָס האָבען אייך געהאַסט, די וואָס האָבען אייך
פערשטויסען: „צוליעב מיין נאָמען וועט גאָט גע־
גרייסט ווערען"; אָבער מיר וועלען זעהן אייער
פרייד, און זיי וועלען פערשעמט ווערען.
6 אַ שטים פון טומעל (קומט) פון שטאדט, אַ שטים פון
טעמפּעל, די שטים פון גאָט וואָס בעצאָהלט דעם
לויהן צו זיינע פיינד.
7 איידער זי האָט וועהען געהאַט האָט זי געבאָרען,
איידער דער געבורט־שמערץ איז געקומען, האָט זי
אַ זוהן געוואונען.
8 ווער האָט אַזוינס געהערט? ווער האָט אַזעלכעס
(זאַכען) געזעהן? קען אַ לאַנד קריגען וועהען אין
איין טאַג? קען אַ פאָלק מיט איין מאָל געבאָרען
ווערען? אַז ציון האָט (שוין) וועהען געהאַט און
האָט (שוין) געבאָרען איהרע קינדער?
9 וועל איך דען צו דעם געבער־אָרט ברינגען, און ניט
מאַכען געבערען? זאָגט דער אויביגער; זאָל איך,

דער וואָס האָט געמאַכט געבערען, איצט צוריק־
האַלטען? זאָגט דיין גאָט.
10 קוועלט פון ירושלים און פרעהט זיך מיט איהר, אַלע
איהרע פריינד; לוסטיג פרעהט זיך מיט איהר אַלע
די וואָס טרויערן אויף איהר.
11 דאַמיט איהר זאָלט זויגען און זעטיגען זיך מיט דער
ברוסט פון איהרע טרייסטונגען; דאַמיט איהר
זאָלט זופּען און קוויקען זיך מיט דער פולקייט פון
איהר גלאַנץ.
12 דען אזוי האָט געזאָגט גאָט: אָט וועל איך אַרויפצי־
הען אויף איהר פריעדען אַזוי ווי אַ טייך, און ווי א
פלייצענדען פלוס דעם גלאַנץ פון די נאַציאָנען, און
איהר וועט זויגען דערפון; אויפ׳ן אָרעם וועט איהר
געטראָגען ווערען, און אויף די קניע וועט איהר
געצערטעלט ווערען.
13 אַזוי ווי איינער וואָס זיין מוטער טרייסט איהם, אזוי
וועל איך אייך טרייסטען; און אין ירושלים זאָלט
איהר געטרייסט ווערען.
14 און איהר וועט זעהן, און אייער הערץ וועט זיך פרע־
הען, און אייערע ביינער וועלען ווי גראָז אויפשפּראָ־
צען, און בעקאַנט וועט ווערען די האַנד פון גאָט
אויף זיינע קנעכט, און ער וועט צאָרענען קעגען זיינע
פיינד.
15 דען, אָט וועט גאָט מיט פייער קומען, און ווי דער

שטורעם־ווינד וועלען זיין זיינע רייטוועגען, אום
אַרויסצולאָזען מיט וואוטה זיין צאָרן, און זיין בייזער
— מיט אַ פלאַם פון פייער.

16 דען מיט פייער אורטהיילט גאָט, און מיט זיין שווערד
— יעדען לייב, און פיעל וועלען זיין די געטויטע פון
גאָט.

17 די וועלכע הייליגען זיך און רייניגען זיך פאַר די
גערטנער, הינטער איין (געצענבוים אַוועקגע־
שטעלט) אין מיטען, די וואָס עסען דאָס פלייש פון
אַ שוויין, און אַ'ן עקעלהאַפטען טהיער און אַ מייז,
צוזאַמען וועלען זיי אונטערגעהן, איז דער שפּרוך
פון גאָט.

18 דען איך (וויים) זייערע טהאַטען און זייערע געדאַנ־
קען. געקומען איז (די צייט) צו פערזאַמלען אַלע
נאַציאָנען און שפּראַכען, און זיי זאָלען קומען און
זעהן מיין גלאַנץ.

19 און איך וועל איהם זיי מאַכען אַ צייכען, און איך וועל
שיקען פון זיי גערעטעטע צו די נאַציאָנען, תרשיש,
פּול און לוד, די וואָס ציהען דעם בויגען, תובל און יון,
די אינזלען די ווייטע, וועלכע האָבען ניט געהערט
מיין רוהם; און זיי וועלען דערצעהלען מיין גלאַנץ
צווישען די נאַציאָנען.

20 און זיי וועלען ברינגען אַלע אייערע ברידער פון
צווישען אַלע נאַציאָנען, אַ געשאַנק פאַר גאָט, אויף

פערד און אויף רייטוועגען, און אין קארעטעס און
אויף מויל־אייזלען און אויף קעמלען, צו מיין הייליגען
בארג ירושלים, זאגט גאט, אזוי ווי עס ברינגען די
קינדער פון ישראל דעם שפייז־אפפער אין א ריינעם
געפעס, צו דעם הויז פון גאט.
21 און פון זיי וועל איך אויך נעהמען פריסטערס און
לויים, זאגט גאט.
22 דען אזוי ווי די הימלען די נייע און די ערד די נייע
וואס איך בעשאף שטעהען שטענדיג פאר מיר, איז
דער שפרוך פון גאט, אזוי וועט שטענדיג בלייבען
אייער זאמען און אייער נאמען.
23 און עס וועט געשעהען אז פון מאנאט־פעסט צו
מאנאט־פעסט און פון שבת צו שבת, וועט יעדער
לייב קומען זיך בוקען פאר מיר, זאגט גאט.
24 און זיי וועלען ארויסגעהן און וועלען אנקוקען די
טויטע קערפערס פון די מענשען וועלכע האבען פער־
בראכען אן מיר; דען זייערע ווערים וועלען ניט
אויסשטארבען, און זייער פייער וועט ניט פערלאשען
ווערען, און זיי וועלען זיין אן עקעל פאר יעדען לייב.

— —

